ישעיהו שפיגל

# די קרוין

דערציילונגען




פֿאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
תל־אביב, תשל"ג — 1973

YESHAYAHU SPIEGEL

THE CROWN

**SHORT STORIES**

Publishing House, "Israel-Book", Tel-Aviv, P.O.B. 1777

פאָרטרעט פון מחבר געצייכנט פון מאָלער ב ע ן

*

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פונעם קולטור־
פאָנד ביי דער לובלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל
און אַדאַנק לאה וואַגנער און לובאַ קאַרן — צום אָנדענק
פון זייער מאַן און שוואָגער משה וואַגנער ז״ל.



Printed in Israel 1973



דפוס „ארזי״, רח׳ אילת השחר 4, ת״א

דאָס בוך איז געהייליקט אין געדענקשאַפט
פונעם עטישן פֿאָלקסמענטשן, ערלעכן האָרע-
פּאַשניק און פֿאַרליבטן אין ייִדיש-קולטור —

מײַן אָנקל **דוד בערמאַן** ז״ל

געשטאָרבן אין ניו-יאָרק ד. 20סטן יוני 1972
אין 75סטן לעבנסיאָר.

# די קרוין

די טיר פונעם קעמערל איז געווען אַ פּייכטלעך־שוואַרצע, אַ נישט געהובלטע. דער גרויסער פאַרזשאַווערטער שלאָסריגל איז געהאַנגען פון דרויסן אין שמאָלן קאָרידאָר, און בעת די טיר פלעגט האַסטיק צופאַלן האָט מען לאַנג געהערט דעם אָפּהילך פונעם אייזערנעם ריגל, וואָס האָט דאָס קעמערל פאַרשלאָסן. ס׳איז נישט געווען קיין עפענונג נישט אין דער טיר און נישט אין די ווענט, אַזוי אַז די פון אויבן האָבן פון דרויסן גאָר־נישט נישט געזען פונעם אינעווייניקסטן חלל. זיי האָבן אָבער יעטוועדע האַלבע שעה אויפגעריגלט דעם שלאָס און דורך דער געעפנטער טיר־שפּאַרע אַריינגעקוקט. זיי האָבן עס געטאָן סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. מסתּמא זענען אַזעלכע קעמערלעך אין קאָרידאָר געווען אַ סך, וואָרעם דאָ אַהער האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן דער זעלביקער אייזערנער ריגלגרילץ. דער אָפּהילך זייערער איז אָבער געווען אַ צעריסענער, אַ געדעמפּטער און קיינער האָט נישט געוווּסט צי קומט ער פון רעכטס אָדער פון לינקס אין קאָרידאָר. דאָס איז געווען ווי עמעצער וואָלט דאָ אויפ־געהויבן אַ פאַרשטיקט קעלער־געוויין און באַלד פאַרשטומט געוואָרן. נאָך צוויי טעג ליגן אינעווייניק האָט בנימין סיי ווי מער זיך נישט צוגעהערט צום גערויש אין דרויסן. — ווי גיך די וועלט פאַרזינקט אונטער די פּיס פון געפאַלענעם — האָט ער געטראַכט. אַרום אים האָט זיך געוויקלט די שטילקייט — אַ פאַרכטיקע, אַ שוואַרצע, אַ געשפּאַנטע. די שטילקייט האָט אונטערגעציטערט פון דער אומגעזעענער סטעליע און געהאַנגען אינעם קעמערל איבער די ליגנדיקע ווי שווערע, געפלאָכטענע, שוואַרצע שטריק.

שוין צוויי טעג ווי אינעם קעמערל הענגט איבער בנימינען די פּינצ־טערניש. איינאיינציק מאָל האָט זיך יאָ געעפנט די טיר — און באַלד זיך צוריק פאַרקלאַפּט. מע האָט נישט געהערט פון דרויסן דאָס מינדסטע וואָרט אָדער גערויש. ס׳איז נאָר אין דער זעלביקער רגע אַריינגעשווומען אַ

גאַר קאַלטע לופט פון דרויסן, וואָרעם די פענצטערלעך אין קאָרידאָר זענען געווען אָפן. אַ פוילישע האַרבסטנאַכט מיט פאַלנדיקע גרויסע שטערן האָט פרידלעך געשימערט פון גאָר הויך. דער גראַנאַטענער הימלפלעק האָט לאַנג געשוועבט פאַר די אויגן אַרום דעם פאַרקלאַפּטן קעמערל. אפשר איז גוט געווען וואָס זיינע אויגן האָבן נישט געקאָנט זען דעם צווייטנס פּנים און אויך נישט די מענטשן אַרום זיך. קיינער האָט אויך נישט געזען אַפילו אַז נאָך עמעצער איז פון דרויסן אַריינגעקווילט געוואָרן איבערן דיל, דורך דער שוועל. די קאַמער־פינצטערניש האָט געוואַרעמט די מענטשלעכע שאָטנס. זייער האַסטיק, גיך עטעמען אויפן ערדדיל איז געווען ווי דאָס ווינטזשומען, וואָס גייט תּמיד דורך די שפּאַלטן פון פאַר־מאַכיקטע, טויטע בית־עלמין־שטיינער.

און בנימין איז טאַקע געלעגן דאָ, ווי אַ געפאַלענער שווערער שטיין, וואָס בלייבט ליגן אַ געוואָרפענער אויף דער ערד. בלויז זי, די ערד, — נעמט־אויף גנאָדיק יעדן געפאַלענעם און שטויסט אים נישט אָפּ פון זיך. ער האָט נישט געזען קיין ליכט און נישט געזען קיין פינצטערניש, נאָר אַ זעלטן ליכט־געשפּין, געבוירן ערגעץ ווו הינטער זיין שווער־צעקאַליע־טשעטן שטערן אַרום די אויגן. צי איז עס געווען דאָס ליכט־געשפּין, וואָס עס דערזעען בלינדע בעתן פאַרלירן פּלוצעם די ראיה? צי איז עס נאָך געווען דער גראַנאַטענער הימלשטרייף, וואָס האָט זיך אים אויף אַ רגע אַנטפּלעקט מיטן שטערן־גלימער, בעת די קאַמער־טיר האָט זיך געהאַט פּלוצעם געעפנט? ער האָט געפּרוווט זיך איבערקערן אויפן רוקן און אויפהייבן די האַנט צום שטערן. די קעלערערד האָט אים געהאַלטן שטאַרק צו זיך. ער האָט געוווּסט, אַז לעבן אים איז קיינער נישט געווען. ער האָט זיך דעריבער אויסגעשטרעקט ווי אַ ברעט, כּדי צו לאָזן דעם ווייטיק דורכגיין דורכן גאַנצן גוף. דער ווייטיק פון מענטשלעכן גוף איז תּמיד ווי פייער. ער ווערט, גראָד ווי פייער, שוואַכער אין זיין צעשפּרייט־קייט. די היץ פונעם צעקאַליעטשעטן שטערן איז געוואָרן שוואַכער, ווי איבער אים וואָלטן גערייזלט קליינע, קאַלטע שטראָמלעך. ער האָט אַ באַוועג־געטאָן מיט די ליפּן. עפּעס גליטשיקס און שווערס איז געלעגן ביי אים אין מויל־חלל. אויף דער צונג איז אים נאָך געלעגן פון נעכטן דער

אויסגעהאַקטער, נישט־אויסגעשפּיגענער צאָן. איצט האָט ער האַסטיק אַ באַוועג־געטאָן מיט דער צונג: דער צאָן איז געבליבן ליגן אויף זיין שפּיץ און געבריט. ער האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון מויל און דערנאָך פאַוואָליע געווישט מיט דער צונג די ליפּן, וואָס זענען געווען קלעפּיק און געזאַלצן.

ער איז געלעגן, בנימין, איצט מיטן פּנים צו דער ערד און פון דאָרט געהערט די שטילקייט וואַקסן מיט שוואַרצע, פינצטערע וואָרצלען. פון יעדן וואָרצל איז אויפגעשטאַנען אַ וואַרעמער הויך, אַ טוכלער, אַ שווי־מענדיקער, וואָס האָט זיך באַלד אויף ס'ניי צוריקגעקערט צו דער קאַמער־ערד. ער האָט געפּרוווט איינהאַלטן אין זיך אַ שימער פון דער מחשבה, וואָס איז אויפגעגאַנגען מיט יעדן פינצטערן וואָרצל אונטער זיין גוף. נאָר איטלעך מאָל, בעת אַזאַ שפּליטער פון אַ מחשבה האָט שוין געקרייזט איבער אים — איז זי געווען גרינלעך־בלייך ווי אַ פלאַכע, טויטע לבנה. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט זיך דערמאָנען ווי אַזוי קומט ער אַהער. וואָס איז געשען זינט נעכטן — אויבן ? צי איז עס טאַקע געווען אַ צאָן, וואָס ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגעוואָרפן פון מויל ? און פאַר וואָס איז דאָ אַזאַ אָין־סופיקע פינצטערניש ? אָפט מאָל איז אים נאָך אין דרויסן געהאַט באַפאַלן אַ חרטה ; צו וואָס האָט ער זי באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן דורך אַזוי פיל געטאָ־יאָרן — די דאָזיקע אַלטע, האַלב־צעפאַלענע פידל ? ער האָט זי אָפּגעהיט אין פאַרבאָרגנקייט, אַ פאַרוויקלטע אינעם טאַטנס איבערגעלאָזטן טלית. און אפשר דערפאַר וואָס זי איז דורך אַזוי פיל יאָרן געלעגן אין טלית — האָט ער זי, די קליינע, איינגעשרומפּענע, פאַרשעמטע פידל, תּמיד געזען אַ צונויפגעגלידערטע מיט דער געבויגענער, אַלטער טאַטע־געשטאַלט. איז ער דאָך, דער טאַטע, אויפגעכאַפּט געוואָרן פונעם דייטש נאָך באַלד מתחילת... און אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער די פידל דורכגעטראָגן דורך אַזוי פיל פּחדימדיקע נעכט דורך אַלע געפאַרן און בהלות. ער האָט זי נישט געוואָלט איבערגעבן דעם דייטש. אַפילו דעמאָלט, בעת די געשטאַלט פונעם טאַטן האָט זיך שוין גענומען ביסלעכווייז פאַר־ווישן. ער האָט אים געזען נאָך אַלץ טרעטן אַ באָרוועסן איבערן בלאָנלעכן שניי, אַן איינגעוויקלטן אין זיין קורץ כאַלאַטל, בעת בלויז די הענט זיינע, קליינע און טויט־פאַרגליווערטע, האָבן זיך געהאַלטן ביי די אָרעמס, ווי

ער וואָלט דאָרט צוגעהאַלטן פונעם ווינט דעם אַלטן, פּלאָטערנדיקן טלית. די פּידל און דער טלית — זענען געוואָרן ביי בנימינען אַן אומצעטיילעוו־דיקע הייליקע באַהעפטונג אין געטאָ. אָפט איז עס געווען דאָס צעריסענע ייִדישע טויטגעוואַנט, וואָס האָט אים נישט געלאָזן פאַלן, און אַ סך מאָל ווידער — דאָס איינגעקאָרטשעטע, האַלב־פאַרוכנוואַטע פּידלהאַלץ. און איצט פאַר נישט־אַנטפּלעקן צו זיי דאָס אָרט פון דער אויסבאַהאַלטענער פּידל — ליגט ער דאָ, אין דער קריפּאָ־קאַמער*, אַרומגערינגלט מיט דער טויטלעכער פינצטערניש, וואָס לאָזט פון זיך אַרויס די אומצאָליקע שוואַרצע וואָרצלען פון שטילקייט. ער האָט גוט געוווּסט, בנימין, וואָס אַזוינס ס'איז געטאָ־שטילקייט. נאָר קיין מאָל האָט ער זי נישט געהערט אַזאַ ווי אין די לעצטע יאָרן פון פאַרצוימטקייט. יעטוועדער מענטש־לעכער רעש, אָדער אָפּהילך פון רייד, תּנועות און געפּליסטער זענען דורך די געטאָ־יאָרן געוואָרן איינגעצוימטער און פאַרוויאַנעטער. אויף זייער אָרט איז געקומען די אויסטערלישע רחמנותדיקע הימלישע פאַר־גליווערטקייט. תּחילת זענען עס געווען די ליידיקע שטובן, וואָס זענען געשווומען ווי טויטע שיפן איבער דער געטאָ־שטילקייט. זיי זענען געשווומען, געשווומען איבער די שוואַרצע וואַסערן פון אָנשטערנדיקע נעכט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום גרענעץ מיט טאָג. אַפילו דער ווינט האָט, ציִענדיק דורך דער ליידיקייט, נישט אויפגעוועקט אינעם חלל דעם מינדסטן אָפּהילך. ס'איז געווען ווי דער גרויסער און וואַרעמער אָטעם פון גאָט וואָלט אויף אייביק פאַרגליווערט געוואָרן אין זיינע הימלען. אָבער דאָ, אויף דעם אָפּגעצוימטן פּיצל געטאָ־ערד, איז שוין נישט געווען מער קיין צאָרן אין די געפּאַלענע. דורך די שוואַרצע איינגעפאַלענע גלידער האָט געלויכטן אַ ווייסע שטילקייט און ליכטיקייט ווי ס'לויכט־אַרויס אַ ווייסער שטיין, געוואָרפן אין שוואַרצע אָפּגרונטיקע וואַסערן.

* קריפּאָ — אָפּקירצונג פון קרימינאַל־פּאָליציי.

*

געדיכט פאַרוואָרפן מיט די שווערע פּוילישע האַרבסטעפּל אויף די אַרומגעשוירענע צווייגן, האָבן די עפּלביימער, גוט־געפּלעגטע פון די דייטשע קריפּאָ־לייט, אַרומגענומען אין אַ פולן קרייז דעם אָפּגעצוימטן שטח פון „רויטן הייזל" אין געטאָ. אַרום די ביימער איז געלאָפן אַ הויכע, גלאַטע ציגלוואַנט. זי האָט זיך פלאַך פאַרענדיקט און איז געווען אויסגעזעצט אין דער הייך מיט אַרויסשטייגנדיקע שאַרפע גלאָזשפּיצן פון צעבראָכענע גרינע ביר־ און ספּירט־פלאַשן. די שאַרפע אומצאָליקע גלאָזשפּיצן זענען געזעסן אויף דער קריפּאָ־מויער אַזוי געדיכט, אַז ס'איז דאָרט נישט געווען אַפילו קיין אָרט פאַר די פייגלפיס, וואָס האָבן געוואָלט טייל מאָל זיך אָפּשטעלן אין זייער פאַרבייפלי. די עפּלביימער, צעברענטע אין זייער פולן האַרבסטגלי, האָבן מיט זייער פולן און שפּע־דיקן שאָטן פאַרדעקט אונטער זיך די ערד און פאַרשפּרייט אויף איר אַ בונטע קאָלירקייט פון רויט, צעגאָסן גאָלד. די ערד אונטער די ביימער, אַן אָפּגעצוימטע און גוט־געגנערטע, איז געוואָרן אין גאַנצן רויט־גאָל־דיק צוזאַמען מיט די קליינע אַרומגעשוירענע בושן, וואָס האָבן ווי אונטערגעהאַלטן די שווער־באַלאָדענע, מעוברתדיקע עפּלביימער. בעת דער האַרבסט־ווינט איז שוין געווען דורכגעווירצט מיט ריחות פון פאַר־וויאַנעטע, טויטע בלעטער און פון אָנקומענדיקן צפון־שניי, איז דאָ, אינעם אָפּגעצוימטן דייטשן געטאָ־אינדזל, נאָך די ברכה פון דער פּוי־לישער ערד געשטאַנען אין איר פולקייט. אַנטקעגנאיבער דעם פּלויט מיט די צעקרישלטע גלאָזשטיקלעך, אויף דער געטאָ־ערד, זענען שוין יאָרן נישט געווען קיין סימנים פון גאָטס פרוכט און בליִעכץ. יעטוועדער האָלצשפּענדל, צווייגל און בוימוואָרצל איז גיך פאַרצערט געוואָרן פונעם פייער. דאָ אָבער, אַרום דעם רויטן קריפּאָ־הייזל, זענען די פּוי־לישע יאָרצייטן געגאַנגען זייער אייביקן, אומפאַראַנדערטן גאַנג מיט גאָטס ליכט, שפע און ברכה. די קריפּאָ־לייט, ס'רוב אַריינגעפירטע רייכס־דייטשן, האָבן דאָ אַריבערגעפלאַנצט קרייטעכצער און בלומען, וואָס האָבן זיי דערמאָנט אין זייערע היימדערפער און גיטער. אַחוץ די עפּלביימער און די קליינע צעוואַקסענע בלומענבושן האָבן זיך אויך

דאָ, אין סאַמע מיט פונעם שטח, געהויבן די גרין־קאָלירטע פייגלשטייגן און פייגלהייזלעך, אָנגעהאָנגענע אויף די עפּלביימער פאַר די אומצאָ־ליקע שפּאַקן, ווערובליעס און טויבן. די פייגל, גוטגענערטע אינעם אָפּ־געצוימטן נישט־ייִדישן קריפּאַ־שטח, זענען קיין מאָל נישט אַרויס פון דאָזיקן אָרט, און נישט אַריבער די געטאָ־גרענעץ פון די אויפגעשטעלטע ווענט. זיי זענען טאַקע אַלע, די פייגל, געווען פולע, רונדיקע און שווע־רע, מיט קליינע פויגלשע גוידערלעך, וואָס האָבן באַשווערט זייערע פליגל אינעם פלי איבער די נידעריקע צעוואָקסענע בושן. די ווערובליעס האָבן זיך אין די נעכט געהאַלטן מחנותווייז צווישן די ביימער און קשאַ־קעס און ביי טאָג — געקרייזט אומצאָליקע מאָל בלויז אַרום דעם צע־בליטן איינגעצוימטן קריפּאַ־גאָרטן, וואָרעם קעגנאיבער, אין געטאָ, האָט זיי נישט דערוואָרט דאָס מינדסטע שפּייז־ברעקל אָדער ערד־קערנדל. אַפילו איצט, אין שפּעטן האַרבסט, וואָס האָט שוין געטראָגן די געבורט פון ערשטע שנייען, האָט מען נאָך געהערט צווישן די פאַרגאָלדיקטע עפּלביימער זייער פריילעך און זאַט פויגלש צוויטשערן.

דער, וואָס האָט געוואַכט איבערן קריפּאַ־גאָרטן, איז געווען דער בלויער דיסלדאָרפער. ער האָט עס אַליין אויסגעזוגט און צונויפגע־קלאַפּט די קליינע פייגלהייזלעך פון גוט שטאָטיש האָלץ. ער האָט זיי אויך דערנאָך באַמאָלן מיט אַ שיינער, פעטער, גרינער קאָליר. מיינסטנס האָט ער געזאָרגט, דער דיסלדאָרפער, אַז די עפּענונגען פון די פייגל־הייזלעך זאָלן זיין אויסגעשניטן אין דער פורעם פון אַ האַרץ. דאָס איז געווען דעם דיסלדאָרפערס אייפּערדיקסטע און פרומסטע אַרבעט זינט ער איז אָנגעקומען אין געטאָ. דער האַרצפורעם פון די עפּענונגען, דורך וואָנען ס׳זענען אַריין און אַרויס די פייגל, האָט אים דערמאָנט אין די שיינע פייגלהייזער אין דער אַלטער דיסלדאָרפער היים. ער האָט זיי אַלע אַליין געשניצט און געטעסעט און אַפילו די ראַמען פון די עפּענונגען באַמאָלן מיט אַ שיינער שאַרלאַך־קאָליר, וואָס האָט זיך גוט אויסגעטיילט פון דער גרינער פאַרב אַרום. אמת, דעם דיסלדאָרפער האָבן אָפּט מאָל צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט אויך די צוויי וואָלינער, וואָס האָבן באַדינט די קיך פון דער קריפּאַ־מאַנשאַפט. אָבער זיי, די

וואָלינער קוכער, האָבן תמיד געהאַט גאָר אַנדערע אַרבעטן. כאַטשבי, למשל, די וואָס איז געשען נעכטן... מיט בנימינען אין דער קאַמער...

דער דיסלדאָרפער איז געווען אַ דאַרער, אַ שמאָל־געוויקסיקער און מיט אַ שפּיציק קליין־אַרויסגערוקט פּנימל פון אַ כאַרט־הונט. זיינע צווייַ גרויסע בלאָלעכע אויגן האָבן געהאַט די קאָליר פון קאַלט, פאַר־שטאָרבן פאַרצעלייַ. מחמת דער אויגן־בלאָקייט האָבן אים טאַקע די קאַמעראַדן גערופן: דער בלאָוער דיסלדאָרפער. ער האָט געהאַט אַ נזירישע שטילקייט אין זיין פּנים און אַפילו אַ גלאַנץ פון פרומקייט אַרום זיין שאַרפער, תמיד־בלייכער, מאָנאַכישער נאָז. סיי זומער און סיי ווינטער האָט ער געטראָגן זיין דיסלדאָרפער פולאָוער פון רויטן וואָל. ס'איז אייגנטלעך נישט געווען קיין פשוטע וואָל־רויטקייט. די פאַרשיידענע שווער־קאָליריקע פעדעם פון באָרדאָ, שאַרלאַך און צימרינג־רויט האָבן געשאַפן דאָס אויסטערלישע געמיש פון אַ רויטער, וואַרעמער פליסיקייט, וואָס איז אין די געוועבן פאַרגליווערט געוואָרן. בעת ער פלעגט זיך ווייזן אין גערטנדל האָבן אים די טויבן אַרומגערינגלט און זיך געזעצט אויף זיינע אַקסלען. ער איז אַזוי געגאַנגען מיט די פייגל אויף די אַקסלען דורך די בייטן, זיי געפיטערט פון די אויסגעשטרעקטע הענט און אַפילו צו זיי גערעדט זיין דיסלדאָרפער לשון. מייַנסטנס האָט ער עס געטאָן אין די פרייע זונטיקטעג, דעמאָלט בעת ער איז געווען פריי פונעם קאָנצערט... פונעם קאָנצערט, אויבן...

יעדן טאָג אין די מיטיק־שעהען, פירן זיי עמעצן אַרויס פון די קריפּאָ־קאַמערן. זיי פירן אים אַרויף אויבן, צום קאָנצערט, אינעם גרויסן ליידיקן חדר. זיי קומען אַראָפּ אונטן אין צווייען און תמיד איז מיט זיי דער בלאָוער. מען האָט אים דערקענט אינעם גאַנג אַפילו דעמאָלט, בעת די קאַמערטיר איז נאָך געווען פאַרמאַכט. ער טראָגט אַ גאַנצע וואָך שווער־געקאָוועטע דייטשע שטיוול, מיט שפּיצן אַרומגעשלאָגן מיט שאַרפע אייזנדלעך. די שטיוול גיבן אַרויס בעתן גאַנג איבערן שטיי־נערנעם קאָרידאָר אַ קריצנדיקן אייזערנעם קלאַנג, וואָס צינדט־אונטער דעם חלל. די אייזנדלעך זענען גלאַנציקע, דיקלעכע און ער פלעגט זיי גאָר אָפּט טוישן. זיי האָבן ביי אים אַרויסגעשטאַרט בכיוון אַ ביסל

פונעם שטיוולשפּיץ. דאָס איז געווען דעם דיסלדאָרפערס אַ זעלטן־צוגעטראַכטע המצאה, וואָס האָט ביי די אַרויפגעפירטע ייִדן קיין מאָל נישט אַרויסגערופן קיין חשד בעתן קאָנצערט. ער האָט קיין מאָל גאָרנישט געטראָגן אין די הענט, כּדי זיי נישט צו שרעקן. דעמאָלט, בעת די אַנדערע קריפּאָ־לייט האָבן געטאָן זייערס מיט קליינע געפלאָכ־טענע דרענגלעך, האָט ער, דער דיסלדאָרפער, געקאָנט פריי באַוועגן מיט די הענט און שפּילן אויפן טראָמפּייט... פון צייט צו צייט האָט ער אויך געקאָנט אויפהייבן די שטיוול־שפּיצן און תּמיד האָט ער גע־טראָפן גוט אין ציל. מערסטנס האָט ער מיט זיינע אָנגעקאָוועטע, באַ־האַלטענע אייזנדלעך געזוכט צו דערגרייכן דעם אונטערשטן בויכטייל, צווישן די פיס. ער ווייס, דער בלויער דיסלדאָרפער, אַז דעמאָלט שרייט נישט דער געשלאָגענער. ער בייגט זיך בלויז אַ ביסל איַין, תּחילת אויף הינטערווײלעכץ, דערנאָך פאָרויס, גראָד ווי זיי מאַכן עס בעתן בעטן צו זייער ייִדישן גאָט... דאָס קול ווערט אים איבערגעשניטן און אַזוי, אַ געבוקטער, קלאַמערן זיך זיינע הענט אין דער געטראָפענער שויס, בעת אים, דעם דיסלדאָרפער, איז אַפילו נישט נייטיק צו בלאָזן אויפן טראָמפּייט כּדי צו פאַרהילכן די גרילצנדיקע ייִדן־געוואַלדן...

איצט איז זונטיק. נאָכן אָפּקאָרמען די פייגל אין קריפּאָ־גאָרטן זיצט דער בלויער דיסלדאָרפער אין זיין רויטן פּולאָווער ביים אָפענעם פענצ־טער. ער רייניקט דעם טראָמפּייט אויף מאָרגן. תּחילת קוקט ער לאַנג אַראָפּ צו די עפּלביימער, צו די פייגלהייזלעך, ווו ס'וואָרקען אַרויס פון די האַרץ־עפענונגען די טויבן. ער פּוצט דעם טראָמפּייט מיט כּלערליי שמירעכצן, דערנאָך מיט קליינע פּלירשענע טיכעלעך, וואָס גיבן דעם טראָמפּייט אַ בלאַנקענדיקע, שאַרפע ריינקייט. דער טראָמפּייט איז אַ ריזיקער, געדרייטער מיליטערישער פּוזאָן מיט אַ גרויסער, געשלענגלטער עפענונג, פון וואַנען ס'גייען אַרויס די קלאַנגען. בעת ער זיצט אַזוי, דער דיסלדאָרפער, מיטן אויסגעפּוצטן טראָמפּייט, פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען פּרוווט ער נאָך אַ מאָל אויס מאַצאַרטן. מאָצאַרט איז בלויז פאַר אים אַליין, אין די פרייע זונטיק־שעהען. ער האָט אויך אַפילו גע־פּרוווט מאָצאַרטן אַ מאָל אויבן, בעתן קאָנצערט... ס'איז אָבער נישט

געוועך אַזוי ווי מיט אים — דעם דאָזיקן הימלישן וואַג־נער, וואָס גאָט אַליין האָט געשאַפן פאַר אַזעלכע ייִדן־קאָנצערטן...

ער זיצט איצט אַ פאַרטראַכטער און בלאָזט גאָר שטיל אינעם טראַמפּייט די קליינע מאָצאַרט־סערענאַדע, די עפּלביימער טרינקען דאָרשטיק די פוזאָן־קלאַנגען, אַ קליינע, שאַרפע האַרבסטזון, ווי אַ צעגליִ־טער רויטער עפּל, וואַרעמט די ערד. די קלאַנגען זענען שפּיציקע, אָפּ־געהאַקטע און וועקן־אויף די דרימלענדיקע פייגל אין זייערע הייזלעך. זיי נעמען אַרויסקוקן דורך די האַרץ־עפענונגען, שאָקלענדיק אָן אויפ־הער מיט זייערע פויגלשע גוידערלעך. ער וואָלט אפשר געדאַרפט נאָך אַ מאָל איבערשפּילן וואַגנערן, זיך צוגרייטן צום מאָרגנדיקן קאָנצערט. פּלוצעם דערמאָנט ער זיך אין עפּעס. דער פוזאָן ווערט פאַרשטילט. ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען, אַז ער האָט אים געטראָפן גלייך אין שטערן? דאָס ערשטע מאָל טרעפט מיט אים אַזוינס... דאָס ערשטע מאָל וואָס ער, דער דיסלדאָרפער, האָט נישט געטראָפן אין ציל... אפשר דערפאַר וואָס ער האָט זיך דעמאָלט געהאַט פאַרטראַכט וועגן עפּעס: דער יודע שפּילט דאָך גייגע*!.. איצט ליגט ער אונטן אין דער קאַמער, מיט יענעם צווייטן, דעם וואַנזיניקן ייִדישן שד... ביז מאָרגן... מאָרגן... ביז צום קאָנצערט...

ער גייט־אַראָפּ מיט די שטיגן אין גערטנדל, אָנגעהאָנגען מיטן טראַמפּייט. אין דרויסן, הינטערן געטאָ־מויער, איז גאָר שטיל. די ייִדן איז פאַרוועט זיך צו דערנענטערן צום קריפּאַ־גאָרטן. אונטן, אין די פאַרריגלטע קאַמערן, ליגן די געשלאָגענע. דער דיסלדאָרפער גייט איבער די שמאָלע סטעזשקעס און קוקט אויף די גרויסע, שווערע האַרבסטעפּל. ער שטייט אונטער די בלעטער. זייער שפּעטע, פעטע גרינקייט באַדעקט אין גאַנצן דאָס בלאַנקענדיקע גאָלד פון טראָמפּייט. דער פוזאָן באַקומט דערפון אַ גרינע, שמייכלענדיקע קאָליר. די האַרבסטזון אין גאָרטן צעשאַרט דאָס גרין פון טראָמפּייט און שווענקט עס אָפּ מיט איר ליכט. בלויז די גרינע בלעטער־קאָליר בלייבט לאַנג, לאַנג ליגן אינעם פאַר־

* גייגע — פידל.

קרימטן פּוזאַן־חלל צוזאַמען מיט געפּאַנגענע קליינע שטראַלן פון דער זון.

*

די ערשטע, וואָס האָבן אים דערזען אין געטאָ, זענען געווען די קינדער. ס'איז גראָד געווען אַ טריבער, קראַנקער געטאָ־טאָג. געשוואָלענע, נידעריקע רעגן־וואָלקנס, ווי איבערגעקערטע שוואַרצע שירעמס, האָבן פאַרדעקט די איינגעצוימטע ערד. די קינדער האָבן גראָד געקליבן אויפן מיסטבאַרג די אַרויסגעוואָרפענע, פאַרפוילטע קאַרטאָפליע־שאָלעכצן פון דער גאָרקיך. באַרוועסרהייט איז ער דעמאָלט אַרומגעגאַנגען די קינדער, זיי אַריינגעקוקט אין די שוואַרצע, קליינע פּנימלעך און די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט זינגען. תּחילת האָט ער מיט זיין קאַרשן־רויטער, צעפּלאָשעטער באָרד אין די קינדערס אויגן אויסגעזען ווי אַ פאַרטריבענער מלאך, וואָס באַהאַלט אונטער די פּאָלעס זיינע פליגל. זיי האָבן אים אַפילו צוגעטראָגן אַן אָפּגעפּונענע, טויטע קאַרטאָפליע און זי געוואָלט אַריינלייגן אים אינעם זאַק, וואָס דער דאָזיקער אויסטער־לישער מענטש האָט געהאַלטן אונטערן אָרעם. ער האָט אָבער נישט גענומען פון זייערע הענט דעם אויסגעגראָבענעם דימענט, געזונגען דאָס פרעמדע געזאַנג און דערנאָך פאַרשווונדן הינטער די גאָרקיך־ווענט.

זינט יענעם טאָג האָט מען שוין דעם אויסטערלישן מענטשן גאָר אָפּט געזען אַרומגיין מיטן פאַרוויקלטן זאַק. ס'איז געווען אַ גרויסער חידוש וואָס פּלוצעם האָט זיך אין די געטאָ־געסלעך באַוויזן אַ זקן, ווארעם נאָך די לעצטע אַרויסשיקונגען האָט מען זעלטן געזען אַן אַלטן מענטשן. און דער דאָזיקער זקן איז אויך געווען גאָר משונהדיק אין זיין גאַנצן הילוך: ער האָט נישט געטראָגן נישט קיין הויזן און נישט קיין הילצערנע שיך־טרעפּעס אויף די פיס. פאַר אַ לייבצודעק האָט אים געדינט אַ לאַנגער, צעדריוולטער רבישער ראָק מיט אַ צעשונדענעם סויבל־קאָלנער. ער האָט געהאַט גאָר לאַנגע, צעפּאַטלטע רויטע האָר און אַ ווילדע באָרד, וואָס איז געלעגן אויף זיין אָפּגעדעקטער, נאַקעטער ברוסט. די באָרד האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרגליווערט שטיק פייער. זיינע אויגן, קליינע און שטאַרק־פאַרוואַקסענע, האָבן געלויכטן מיט

שגעוונדיקער פּאַרווירונג. קיינער האָט אים נישט געקענט און קיינער האָט אויך נישט געוווּסט, ווו דער זקן האַלט זיך אויף. מען האָט גע־מיינט, אַז ער איז פון די לעצטע הקדש־לייט, וואָס זענען דורך אַ נס פאַרבליבן אין געטאָ און זיך ערגעץ ווו אויסבאַהאַלטן. ווו — האָט קיינער נישט געוווּסט. די בית־עולם־יונגען האָבן דערציילט, אַז יעדע נאַכט ליגט דער זקן אויפן רייִנעם פעלד אין אַן אַנדער אוהל. ביי טאָג אָבער האַלט ער זיך דווקא גאָר נאָענט ביי די דראָטן און פאָכעט צו די דייטשן מיט זיין לאַנגן צווייגשטעקן. מ׳האָט געזען, אַז דער זקן איז אַראָפּ פון זינען. אַנומלט האָט געטראָפן: דער אַלטער מאַן איז מיטן אויפגעהויי־בענעם שטעקן געשטאַנען אַנטקעגן דעם דייטש ביים צוים — און געזונגען. אַ סך מענטשן זענען אין געטאָ־תּחום אַרומגעגאַנגען און געזונגען. ער האָט געזונגען מיט אַ הייזעריקער, שוואַכער שטים, וואָס האָט דערמאָנט דאָס קול פון אַ באַטרונקענעם. ער האָט אויך געטאַנצט דעמאָלט אויף זיינע באָרוועסע פיס. יידן האָבן צו אים געשריגן פון דער ווייטנס, אַז ער זאָל זיך מחמת סכּנה נישט דערנענטערן צו די דראָטן. ער האָט אָבער זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף הינטערווילעכץ. דער מבולבלער דייטש האָט אַנגעקוקט דעם וואַנזיניקן זקן און אויסגעשפּיגן אויפן ברוק מורמלענדיק: — פאַרריקטער רויטער מעפּיסטאָ!...

דער שטעקן, וואָס דער אויסטערלישער זקן האָט געטראָגן, האָט אים אויך געדינט צו האַלטן דעם זאַק אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, אַזוי ווי דאָס טראָגן פּויערים בעתן לאָזן זיך אין וועג. יידן האָבן זיך געשראָקן, אַז דער חסר־דעהדיקער זקן וועט נאָך אונטער־צינדן ס׳גאַנצע געטאָ מיט זיין ווילדקייט. וואָרעם אַחוץ די ווילדע געזאַנג ביי די דראָטן האָט ער נאָך געטאָן אַזוינס, וואָס האָט טאַקע געגרענעצט מיט שגעון. ער פלעגט אַ האַלב־נאַקעטער זיך אַוועקשטעלן לעבן דייטש און צו אים געצילעוועט מיטן צווייגשטעקן. די דייטשן האָבן שוין געוווּסט, אַז אַ סך יידן ווערן משוגע פון הונגער. ס׳איז אים אָבער געווען אַ שאָד די דייטשע ביקסנקויל פאַר דעם משוגענעם, אַלטן יידישן שד, וואָרעם סיי ווי וועלן זיי אַלע, הינטער די דראָטן, פריער צי שפּעטער טאַנצן פון משוגעת אין הימל אַריין...

ווען נישט דאָס, וואָס די ייִדן האָבן אויפֿן זקן געקוקט מיט אַ באַהאַלטענער שרעק, ווי פֿאַר עפּעס אַ הימלישן שליח, וואָס איז גע־קומען אין געטאָ, וואָלטן זיי אים שוין לאַנג געהאַט איבערגעגעבן אין די קריפּאָ־הענט. אויב דאָס איז נישט געשען, איז עס בלויז, אפֿשר דער־פֿאַר, ווייל דער אַלטער, וואַנזיניקער מאַן האָט געטאָן אַזוינס, וואָס האָט זיי געמאַכט טראַכטן גאָר אַנדערע מחשבות. אָט, למשל, פֿלעגט ער נאָכלויפֿן זינגענדיק נאָך יעדן טויט־וועגעלע און וואַרטן אויף אַ בר־מינן. ער איז געווען דער איינציקער וואָס פֿלעגט זאָגן קדיש, וואָרעם די געטאָ־טויטע האָבן אַלץ ווייניקער געהאַט מקורבים, וואָס זאָלן זיי באַ־גלייטן אויפֿן ריינעם פֿעלד און טאָן זיי דעם לעצטן מענטשלעכן חסד דורך תּפֿילה. ער, דער ווילדער, חסר־דעהדיקער זקן, איז געוואָרן דער קדיש־זאָגער נאָך די אומצאָליקע טויטע אין זייער איינזאַמען ייִדישן געטאָ־טויט. ווי נאָר אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט די לעצטע פּסוקים און די לאָפּעטעס האָבן גענומען פֿאַרשיטן דעם מת, האָט ער אויף ס'ניי אָנגעהויבן מיט אַ דראַבנעם, צעריסן קולכל: אני מאמין... אני מאמין בביאת המשיח... די, וואָס האָבן געהערט פֿון דער נאָענט זיין קול, האָבן געוווסט, אַז דאָס איז לחלוטין נישט קיין מענטשלעכע שטים. עפּעס פֿרעמדס, וואָס האָט זיך גערייצט און געראַנגלט אין געפּאַלנקייט דורך זיין קוויטשיק קולכל, האָט געפּאַנגען די מענטשן, וואָס האָבן אים געהערט. די ווערטער, צעהיצטע און צעבראָכענע, ווי אויסגעבערענטע שטיקלעך קויל, זענען געפֿאַלן אויף זיין רויטער, פֿאַרגליווערטער באָרד. איטלעך מאָל האָט ער אויפֿגעהויבן די רעכטע האַנט צום הימל, בעת דאָס שוואַרצע, אָפּגעדעקטע לייב האָט זיך אָנגעלענט אויפֿן שטעקן. מ'האָט אים קוים מיט כּוח געקאָנט אַרויספֿירן פֿון ריינעם פֿעלד, וואָרעם ס'איז געווען אַ סכּנה, אַז מחמת זיינע ווילדע ניגונים זאָל ער נישט אַ מאָל אויפֿרייסן דעם צאָרן פֿון די דייטשע שומרים לעבן געטאָ־בית־עלמין.

נאָך מיט מער שׂימחה איז דער זקן אַרומגעלאָפֿן איבער די געסלעך נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אויף ס'ניי אָנגעהויבן דאָס שלאָגן אין דער קריפּאָ. מ'האָט אים נאָך קיין מאָל נישט געזען זינט דעמאָלט אַזאַ

זינגענדיקן. ער האָט אַפילו אויפגעהערט נאָכצולויפן די טויטן־וועגעלעך און זיך תּמיד געהאַלטן גאָר נאָענט לעבן די קריפּאַ־ווענט. בעת מ׳האָט אַריינגעפירט עמעצן אין קריפּאַ־גאָרטן איז ער אים אַנטקעגנגעלאָפן און געשריִען: „זרע פון אברהם, יצחק ויעקב! דערנענטערסט די גאולה! גיב־אָפּ אַ לויב דעם אייביקן! מאַך אַ ברכה איבער יעדן שמיץ!״. ער האָט אַפילו מיט זיין שטעקן גאָר אָפּט געשלאָגן אינעם פאַרהעמערטן טויער פון קריפּאַ־גאָרטן. נישט איין מאָל האָט ער זיך געוואָלט אַהין אַריינרייסן צוזאַמען מיט אַ געפירטן צום שלאָגן. אָבער ווי דורך עפּעס אַ כּישוף האָבן אים די קריפּאַ־לייט לחלוטין נישט געזען. אפשר מחמת פּחד פאַר אַן אָנשטעקנדיקער מחלה האָבן זיי זיך גאָר גיך פון אים דערווייטערט, וואָרעם פון אים איז געגאַנגען דער אָוויר ווי פון אַ קראַנקן צעפאַלנדיקן גוף. ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט אַרומ־צולויפן איבער די הייפלעך און גערופן, אַז דער דייטש האָט, מיט מזל, אָנגעהויבן צו שלאָגן, אַז די גאולה איז נאָענט... דורך מלקות, ייִדן, וועט קומען די גאולה... זאָל ער נאָר, חלילה דער דייטש נישט אויפהערן צו שלאָגן... אני מאמין, ייִדן, אני מאמין...

דאָס אַרומלויפן איבער די הייפלעך האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז ס׳איז נישט געקומען די געשעעניש מיט דער קרוין.

*

דאָס אָפּרוימען מחוץ דעם געטאָ דעם פאַרוואָרפענעם שטח נאָך דער אויפגעריסענער שול „פּתר ישראל״ האָט נישט געדויערט לאַנג. אַחוץ די צענדליקער געטאָ־ייִדן איז אויך אַהערגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אַ קליינע גרופּע אַרעסטאַנטן — פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט שפּאָגל־נייע שפּאַדלעס, העק און בלאַנקענדיקע קילאָפן געריייניקט דעם ווילדן חרובדיקן ייִדן־שטח. כאָטש ס׳איז שוין אָפּגעפלאָסן אַ יאָר נאָכן אויפרייסן די לעצטע שטאָט־שול, זענען אַלץ נאָך דאָ געלעגן אירע שוואַרצע, פאַרשרפעטע ציגלבערג. זיי זענען געווען דורכגעפלאָכטן מיט די גרין־פאַרזשאַווערטע שול-שטאַכעטן, וואָס האָבן ווי פאַרטריקנטע טויטע אָדערן אַרומגענומען דעם איינגעפאַלענעם שטיינערנעם באַרג־גוף. דער באַרג איז געווען אַ הויכער און שטייענדיק אויף זיין שפּיץ, האָט מען

אַפּילו פון אים געקאַנט זען דעם נידעריקן פאַרקלאַמערטן געטאָ־פּערטל אין צפון. צווישן די אַנגעוואָרפענע ציגלבערג, פון די שמאָלע ערדשפּאַלטן זענען דערווייל געוואַקסן קליינע געל־גילדענע פעלדגרעזער, וואָס זענען געווען שטאַרק בייגעוודיק און מיט זאַפטיקע גרינע שטענגלעך. ס׳זענען אַפּילו אויפגעגאַנגען דאָ, צווישן טויטן שטיין, די זילבערדיק־ווייסע פּוילישע פּוכקעפּלעך אויף זייערע הויכע פּיסלעך, וואָס אַז מ׳נעמט זיי אין דער האַנט, צעפּאַלט זיך זייער דינער שפּינוועב־בעכער און טראָגט זיך אין חלל ווי שיטערער, ווייסער מילכשטויב. די־אָ צעשטויבטע, מילכיקע שפּינוועב־בעכערס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט תּמיד אַראָפּצו צו צפון, דאָרט ווו ס׳זענען געלעגן די אָפּגעצוימטע, ערשטע געטאָ־בנינים. אַזוי טראָגנדיק זיך נידעריק פונעם אויפגעקאָפּעטן שולבאַרג זענען זיי אַלע, די ווייסע, צעפּאַלענע פּוכקעפּלעך, פּאַוואָליע געזונקען, פאַלנדיק אויף דער ערד הינטער די שוואַרצע טויטלעכע געטאָ־צוימען.

ס׳איז נישט געווען אַזוי לייכט דאָס אָפּרוימען דעם גרויסן שטח פון די געפאַלענע שולשטיינער. דער ווייסער, גלאַטער שטיין פון די ווענט און פונעם קופּאָל איז דערווייל טיף אַריינגעוואַקסן אין דער ערד. ער האָט זיך נישט געלאָזט פון דאָרט גרינג אַרויסהייבן, גראָד ווי דאָס געשעט מיט אַלטע ביימער־וואָרצלען, וואָס זינקען דורך דורות אין דער וואַרעמער פינצטערניש פון דער ערד. ביים איינפּאַלן פון די שולווענט האָבן די שטיינער געמוזט אַראָפּ שווער און אימפּעטיק צו דער ערד און אַזוי אַרום דאָרט פאַרזונקען אין איר ברוסטיקער, ערדישער ווייכקייט. דייטשע קליינע לאַסטאויטאָס האָבן גאַנצע טעג געפירט פון דאַנען דעם גרוז צו די הינטערשטאָטישע מיסטפעלדער. אויפן צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אָפּרוימען, איז אַלץ נאָך דאָ געלעגן אַ ריזי־קער שטיינער־באַרג. מ׳האָט געמוזט צופירן נאָך ייִדן פון געטאָ און אויך נייע אַרעסטאַנטן־גרופּעס פון די שטאָטישע תּפיסות אָפּצורייניקן דעם שטח פונעם אויפגעריסענעם שול־בנין.

ערשט אויפן פערטן טאָג איז מען צוגעקומען צו דער ערד. בעתן ליגן אַ פאַרדעקטע אַזוי פיל חדשים מיטן געפאַלענעם גרוז, איז זי געוואָרן, די ערד, אַ פינצטערלעכע און שוואַרצע ווי פאַרברענטע בוים־וואָרצלען.

די ווייסע שולשטיינער, צעבראָכענע און רונדיקע, זענען געזעסן אין איר שוואַרצקייט ווי קליינע, צעפּאַלענע מצבות אויף אַ פּאַרצייטישן בית־עלמין. די ייִדן האָבן מיט די בלויזע הענט געצויגן דעם שטיין, בעת די פּאָליאַקן האָבן אים שפּעטער געוואָרפן אויף די לאַסטאויטאָס. גאָר אונטן, שוין מחוץ דעם באַרג, איז געשטאַנען דער דיסלדאָרפער מיט אַ קופּקעלע שטאָט־דייטשן. ער האָט דאָס מאָל, דער בלויער דיסלדאָרפער, געוואָלט אַליין זען די באַערדיקונג פונעם צעפּאַלענעם ייִדן־טעמפּל... דער רויטער דיסלדאָרפער פולאָווער האָט ווי אַ פלאַם אים אַרויסגעשפּאַרט פונעם גרינעם פעלד־מונדיר. זיין דאַרער קאָפּשיידל איז געווען אין גאַנצן אָפּ־געדעקט אין דער פייכטער פוילישער האַרבסטקעלט.

פלוצעם, ביים אונטערהייבן אַ שטיין, האָבן די ייִדן מער זיך נישט באַוויגן. זיי האָבן זיך אַ לאַנגע ווײַלע איינגעקוקט אין דער ערד און פון דאָרט נישט אויפגעהויבן זייערע אַראָפּגעזונקענע פּנימער.

תּחילת איז עס געווען אַ שטיק פאַרברענטער פּאַרמעט, וואָס עמעצער האָט פון צווישן דער ערד אַרויסגעצויגן מיט די פינגער. דער פּאַרמעט איז געווען אין גאַנצן אַ קלאָרער און ליכטנדיקער. די אותיות אויף אים האָבן זיך לחלוטין נישט פאַרווישט בעתן ליגן אַזוי פאַרדעקט אין דער פינצטער. להיפך: זיין שוואַרצע שריפט האָט געבלאַנקט אויפן אויסגעגראָבענעם פּאַרמעט ווי נאָר וואָס אויסגעכּתיבהטע דורך די הענט פונעם סופר. דאָס איז געווען אַן אָפּגעריסן שטיק פּאַרמעט פון אַ פאַר־ברענטער הייליקייט, וואָס איז געלעגן פאַרגראָבן הינטער דעם געפּאַלענעם שולשטיין. די ייִדן האָבן בלויז אַ רגע דאָס שטיק פּאַרמעט געהאַלטן אויף די הענט, וואָרעם באַלד האָט זיך נאָכן אונטערגעהויבענעם צעבראָכענעם שטיין באַוויזן דער אויסגעקרימטער שאַרבן פון עפּעס העלס און ליכ־טנדיקס.

דאָס איז געווען אַ גאָר אַלטע, זילבערנע, ייִדישע קרוין מיט שיינע פאַררונדיקטע שפּיצן. זי האָט אַוודאי געמוזט דינען אַמאָל פאַר אַ צודעק אויף אַ ייִדישער הייליקייט. די קרוין איז געווען אַ ביסל צע־קנייטשט, אָבער איר אייבערשטער ראַם האָט נאָך גוט געהאַלטן די אָפּ־שטייענדיקע דינע ווענטלעך. דער גאַנצער אינעווייניקסטער קרוין־חלל

איז געווען אויסגעפּילט מיט ערד און ביים אויפהייבן זי פונעם איינגע־
קלאַמערטן שטיין — האָט זיך די ערד, אַ פעטע און שוואַרצלעכע, נאָך
לאַנג געהאַלטן צווישן די דינע, זילבערנע ראַמען. אַ בליאַסק פון אַלט
זילבער, וואָס איז תּמיד גראַלעך און מאַט, האָט אַרומגעהילט די אויס־
געגראַבענע קרוין ווי אַ לייכטער נעפּל. ס'איז אפשר געווען אַ חידוש,
וואָס פאַלנדיק אונטער דעם טויטן, צעבראָכלטן שטיין, האָבן זיך די
קרוינווענטלעך נישט איינגעבראָכן אונטער דער לאַסט. נאָכן אָפּשאָקלען
די ערד, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַ צוגעקלעפּטע צו דער קרוין, האָט
מען ערשט געזען, אַז איר בלענד איז לחלוטין נישט שוואַכער געוואָרן אין
דער פינצטער. די ייִדן זענען בלויז אַ ווײַלע געבליבן שטיין פאַרגלי־
ווערטע פון דאָזיקן באַהאַלטענעם, לויכטנדיקן בלענד. דאָס האָט אָבער
געדויערט אַ רגע — ביז דער דיסלדאָרפער איז נישט געבליבן שטיין
הינטער זייערע פּלייצעס.

ער איז איצט געשטאַנען, דער דיסלדאָרפער, אויפן באַרג און אויף
זיין קאַלטער, בייגערדיקער, טעווטאָנישער האַנט איז געלעגן די אויס־
געגראָבענע אַלטע ייִדישע קרוין. ער האָט זי עטלעכע מאָל אויפגעהויבן
גאָר הויך אויף זיין האַנטפלאַך, קוקנדיק דורך אירע אָפּשטייענדיקע
ווענטלעך, בעת די איבעריקע דייטשן האָבן זיך איינגעקוקט אין זיין
האַנט ווי דאָרט וואָלט געלעגן אַ סודותדיקער, אויסבאַהאַלטענער ייִדישער
כּישוף. נישט צום ערשטן מאָל זעען דעם דיסלדאָרפערס אויגן אויסגע־
גראָבענע ייִדישע אוצרות — כּלערליי צירונג און איידלשטיינער, וואָס
ייִדן האָבן פאַרגראָבן פאַרן גיין אין געטאָ. ביסלעכווייז האָבן זיי די
אוצרות אַליין איבערגעגעבן אין דייטשע הענט — זינט אינעם געטאָ
הערט מען דעם הימלישן וואַגנער... אָבער דאָס, וואָס ליגט איצט אויף
זיין האַנט, איז אַזוי משונהדיק אַנדערש פון אַלע באַהאַלטענע ייִדישע
אוצרות. אַ רגע האָט ער געטראַכט: אַלט ייִדיש בראָכוואַרג... ווערט־
לאָזער סינאַגאָגן־שמוק... ער האָט שוין געוואָלט זי אַרויפוואַרפן צוזאַמען
מיטן גרוז אויפן לאַסטאויטאָ, נאָר עפּעס האָט אים פּלוצעם אָפּגעהאַלטן
דערפון. אים איז באַפאַלן אַן אויסטערלישע, פריילעכע מחשבה. ער
האָט דעריבער די קרוין נאָך אַ מאָל אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן, אויס־

געגליכן די צעקנייטשטע, אײבערשטע ראַם, אויסגעבלאָזן זי פּונעם זאַמד און דערנאָך, אונטערפּייפנדיק, זיך געלאָזט אַראָפּגיין מיט דער קרוין פונעם הויכן, איינגעפאַלענעם שול־באַרג. דעם גאַנצן וועג ביזן געטאָ האָט אים נישט אָפּגעלאָזט די אויסטערלישע, פריילעכע מחשבה.

*

דעם וואַנזיניקן זקנס קאָפּ איז געווען אַ קלענער, אַן איינגעפאַלענער אַזוי, אַז דער דיסלדאָרפער האָט נישט געהאַט מיט אים קיין סך מי. דער אַלטער מאַן איז אַלץ נאָך געשטאַנען מיטן אויפגעהויבענעם צווייגשטעקן און אונטערגעזונגען — זינט זיי האָבן אים פון קעלער אַרויפגעפירט אויבן. זיין לאַנגער רבישער ראָק האָט זיך דערוויל געהאַט אָפּגעטיילט פון זיין גוף. ער האָט זיך פאַרלייגט, דעם ראָק, ווי אַ געפאַלענער צעבראָכענער פליגל. מע האָט איצט אַרויסגעזען דאָס אונטערשטע לײַב זיינס, די נאַקעטע פיס ביז צו די איינגעפאַלענע שענקלען. דאָס לייב איז ביי אים געווען האַרט און גראָלעך. ס׳האָט אויסגעזען ווי פאַרטריקנטע, איינגעפאַלענע ערד. די פיספינגער האָבן געהאַט בלאָלעכע, אָפּשטייענדיקע נעגל און בלויז די באָרד, אַ פלאַמיקע און צעדריוולטע, האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט זיך צו הייבן איבער דעם זקנס שווער־סאָפּענדיק האַרץ.

זיי האָבן זיך געגרייט אויבן צום הייליקן וואַגנער... דאָס מאָל האָבן זיי עס געטאָן מיט אַ גאָר זעלטענעם אייפער, נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגעגראָבן די דאָזיקע אויסטערלישע יִדישע קרוין. אַפילו ביידע וואָלינער זענען געווען אָנגעטאָן אין זייערע יום־טובדיקע, גרינע פעלדמונדירן. הינטער די שווערע, טונקעלע פענצטער־קאָטאַרן זענען געשטאַנען אָנגעלענט אויף דער וואַנט די רונדיקע מיט דראָט־געפלאָכטענע דרענגלעך. דעם דיסלדאָרפערס ריזיקער פּוזאָן איז נאָך דערוויל געהאָנגען אויף דער וואַנט, גראָד אונטערן היטלער־פּאָרטרעט. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט נישט באַפוילן דעם אַלטן אַראָפּצובייגן נידעריקער דעם קאָפּ ביז צום דיל. — — —

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי אויבן, אין קאָנצערט־צימער, איז פאַרן קופּקעלע דייטשן געשטאַנען דער צעדולטער זקן און אויף זיין קאָפּ

איז געזעסן די בלאַנקענדיקע, אויסגעגראַבענע קרוין. ער איז געשטאַנען איצט אַנטקעגן זיי אַ פאַרשטומטער, אַ שטילער און אַלץ נאָך אַן אָנגע־לענטער אויפן שטעקן, וואָס די דייטשן האָבן בכּיוון נישט אַרויסגענומען פון זיין האַנט. אפשר האָבן זיי געוואָלט זען אינעם שטעקן אויך אַ סימן פון אַ קעניגלעכן, יידישן סצעפּטער אין דער האַנט פונעם געקרוינטן, צעדולטן יידן. די קרוין איז געזעסן טיף אויף דעם זקנס קאָפּ און דער־גרייכט מיט איר אונטערשטער ראַם פון פאַרנט ביז צו זיינע שווער פאַרוואַקסענע ברעמען. זי האָט געלויכטן, די קרוין, אינעם טריב־טונ־קעלן חדר מיט אַן אומהיימלעכער, פרעמדער יידישער ליכטיקייט. קליינע ליכט־שפּליטערס זענען געפאַלן פונעם אַלטן קרוינזילבער ווי פונקען איבער דעם אַלטנס פּנים. ער האָט אַפילו איין מאָל אויפגעהויבן די לינקע האַנט און מיט די פינגער פעסטער אַראָפּגערוקט די קרוין צו זיינע אויגן. די מענטשן אַרום אים האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט און אַפילו נישט אויסגערעדט דאָס מינדסטע וואָרט. דער צעדולטער יידישער זקן האָט אויסגעזען אין זייערע אויגן ווי אַ משוגענער יידישער מלך, וואָס האָט זיך פּלוצעם באַוויזן פון די עלטסטע ביבלישע צייטן. אַז דער זקן האָט אויפגעהויבן דעם שטעקן און אָנגעהויבן צו טאַנצן מיט דער אַרויפגעזעצטער קרוין — האָבן שוין די וואַלינער מער נישט אויסגעהאַלטן. זיי האָבן געכאָקעט מיט שווערע, פאַרברענטע קולות. דורך די פאַרצוי־גענע פענצטער־קאַטאַרן האָט זיך דערווייל פאַוואָליע אַריינגעזיפּט דאָס זונליכט. די זון איז געווען אַ שפּעט־האַרבסטיקע. זי האָט לייכט געוואַ־רעמט. פון סאַמע סופיט האָט פון דער וואַנט אַראָפּגעקוקט דער רייכס־אָדלער מיט דער שפּיציקער סוואַסטיקקרוין אין זיינע פאַרקרימטע פויגלשע נעגל. דער דיסלדאָרפער האָט נישט אויפגעהערט צו קוקן דאָ אויף דער אַרויפגעזעצטער יידישער קרוין און דאָ צום צעפלאַשעטן פויגל, וואָס האָט געטראָגן צווישן זיינע פיסנעגל דעם אומבאַזיגלעכן הייליקן סימן פון דייטשן רייך. דער דיל פון קאָנצערט־חדר איז געווען אַ גלאַטער, אַ שפּיגלדיקער און אויסגעזען אונטער די פיס פונעם זקן ווי אַ גראָ פּליסנדיק וואַסער. פונעם זונליכט, וואָס האָט זיך געריסן דורך די קאַטאַרן, האָט מען געזען אינעם דיל אַרומשווימען דעם אַלטנס קאָפּ מיט דער

אַרויפגעזעצטער קרוין. ביידע וואַלינער האָבן הינטערווייַלעכץ, הו׳ שוועֶ־רע, טרעטנדיקע קעץ, זיך גענומען פּאַוואַליע דערנענטערן פון די אַראָפּ־געלאָזטע טונקעלע קאַטאַרן צום באַקרוינטן זקן.

און דעמאָלט האָט דער דיסלדאָרפער איבער זיינע שמאָלע, צוקנדיקע אַקסלען אַריבערגעוואָרפן דעם ריזיקן פוזאַן.

*

ס׳איז געווען אַ שוואַרצער, אימפּעטיקער האַרבסטרעגן, וואָס איז געפאַלן נאָך פון מיטנבאַכט אָן. ער איז געקומען פון צפון און געוואָרן אונטערגעטריבן פונעם ווינט. דער העפטיקער רעגן האָט שוין אָנגעזאָגט דאָס קומען פון ערשטן פוילישן שניי. זיינע שוואַרצע רעגן־טראָפּנס זענען געווען אייזיקע, טייל מאָל פאַררונדיקטע, אָדער גאָר שפּיציקע. ס׳איז נישט געווען קיין האָגל, נאָר אַ צעשטויבטער אייזרעגן, וואָס איז געפאַלן אימפּעטיק מיט שוואַרצע נאַכטשטראָמען. די וואַסערן זענען געלאָפן גאָר נידעריק ביי די הילצערנע ווענט און נישט אויפגעהערט אַ גאַנצע נאַכט זייער פלייצנדיק שוואַרץ געזאַנג. די לעצטע האַרבסטנאַכט, וואָס גרע־נעצט מיטן ווינטער, איז תמיד די שוואַרצסטע און טיפסטע. אויף די שיפע הילצערנע דעכלעך האָבן זיך געזאַמלט וואַסער־קאַלוזשעס און אין זיי האָבן זיך שוואַרץ געשפּיגלט די צעריסענע, שווימענדיקע רעגן־וואָלקנס. פון דאַנען האָבן די שטראָמען פאַרפלייצט די ליידיקע ביידעמער, ביז זיי זענען דורך געלעכערטע סטעליעס און ווענט אַראָפּ נידעריקער, צו די ליידיקע, טויטע קעלערן.

ס׳איז נאָך געווען פינצטער, בעת דער דיסלדאָרפער האָט אויפגעע־פּראַלט די טיר פון דער קאַמער. בנימין האָט דערזען, אַז דרויסן שטייען שוין צוויי איינגעבוקטע יידישע געשטאַלטן. אַלע דריי, בנימין און די צוויי, זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן הייפל. פון די ביימער איז נאָך געפאַלן דער שווערער נאַכטרעגן. זיי זענען אַלע געשטאַנען לעבן נידעריקן וועגעלע, וואָס מען פירט דערמיט קאַרטאָפל. דאָס שמאָל, נידע־ריקע וועגעלע איז געווען פאַרדעקט מיט אַ גרויסער, שוואַרצער קאַ־פּאָטע.

גיך און בסוד, ס׳רוב ביי נאַכט, ווערן די טויט־געשלאָגענע יידן

אַרויסגעפירט פונעם קריפּאָ־גאָרטן. בנימין איז געלאָפן אַן איינגעשפּאַנ־
טער אינעם וועגעלע, נאָך אים — די צוויי אַנדערע ייִדן. הינטער זיי,
אַן איינגעוויקלטער אינעם לאַנגן שווערן פעלדמונדיר, איז נאָכגעלאָפן
דער דיסלדאָרפער. ער האָט געוואָלט אָנקומען נאָך פאַרן זונאויפגאַנג
צום געטאָ־בית־עולם.

דער דיסלדאָרפער איז געבליבן שטיין ווייט פונעם אָרט, וווּ בנימין
און די צוויי ייִדן האָבן אונטערגעהויבן פונעם וועגעלע דעם דאַרן,
אַלטן גוף. זיי האָבן אים צוריק פאַרוויקלט אינעם לאַנגן רבישן ראָק, וואָס
איז דערווייל געוואָרן דורכגעווייקט פונעם נאַכטרעגן. בעת זיי האָבן
אים אַראָפּגעלאָזט אין דער טיף — איז פּלוצעם געוואָרן גראָער באַגינען.
דער נאַכטרעגן האָט אויפגעהערט. בנימין האָט בלויז דערזען, אַז דעם
טויטנס פאַרוואָרפענער קאָפּ האָט אַרום זיין שטערן אַ דיקן, רונדיקן
בלוטקרייז און זעט אויס ווי אַ קרוין.

*

דער נאַכטרעגן האָט אין גאַנצן אויפגעהערט. אויף די נידעריקע
פעלדגרעזער זענען נאָך געזעסן זיינע אומצאָליקע פאַרגליווערטע טראָפּנס.
די ערד איז געווען פייכט און קלעפּיק. טויטע בלעטער האָבן שטיל
געשאָרכט אין זייער גילדענער פאַרוועלקונג. בנימין האָט אויף ס'ניי
געטראַכט וועגן זיין אויסבאַהאַלטענער פידל. ווער ווייס — ווי לאַנג זיי
וועלן אים נאָך האַלטן אין דער קאַמער. דער דיסלדאָרפער האָט פון דער
ווייטנס אונטערגעיאָגט. איבער די נידעריקע טויטן־בערגלעך איז געפאַלן
דאָס ערשטע זונפייער. הינטערן פעלד איז אויפגעגאַנגען די זון. בעת
זיי האָבן אַרויסגעפירט דאָס ליידיקע וועגעלע איז שוין דאָס טויטן־
פעלד געלעגן אין גאַנצן פאַרגאָסן מיט ליכט. די ביימער האָבן געלויכטן
פון דער ווייטנס מיטן קאַלטן מיניעדיקן ליכט פונעם ערשטן ווינטערטאָג.

.1944—1940

# באָרוועס

גאָר נידעריק, אויף דער דרויסנזייט, אַרום די שוואַרצע באַראַקן־ווענט, איז די בירקענאַוער ערד שטילער, שיטערער און דין־שיכטיק. אַ ווייכער, פּליושענער שימער פון אַלטן טאָרפמאָך באַוואַרפט דאָס באַראַקן־געהילץ פון אונטן. צווישן די ווענטשפּאַרעס באַהאַלטן זיך נאָך אויס די פאַרשטאָרבענע גילדענע גראָזן פון פאַרגייענדיקן זומער. נעכטן, דעם ערשטן טאָג פון אָנקומען, האָבן נאָך גרין געלויכטן צווישן די אָ גראָזן אויך די ברייענדיקע בלינד־געפלאָכטענע קראָפּעוועס. די קליינע מאָך־און פייער־שוועמלעך זענען געווען פאַרוואָרפן מיט די ביטערע פּיאָלון־גראָזן. זיי זענען אויך געווען פאַרדעקט מיט די שיין־זילבערדיקע שפּעטזומער־פעדעם, וואָס האַלטן זיך גאָר לאַנג אונטערן בירקענאַוער הימל. הייגט, דעם צווייטן טאָג, זענען שוין די אַלע שוועמלעך, קראָפּעווע־גראָזן און אויך דאָס פעדעם־געוועב פון שפּעטזומער־חלל פאַרזונקען טיפער אין דער ערד. אַלע האָבן זיי פאַר אונדז פּלוצעם אָפּגעדעקט די הילצערנע באַראַקן־פּאַסאַדן — נאַקעטע, לייכטנדיקע, ווי אַרומגענומען מיט אַ ברייטן גרין־פּליושענעם גאַרטל. דאָס איז געשען מחמת די אומצאָליקע פיס, טייל באַשטיוולטע, אָבער ס׳רוב מיט די שווער־קרעכצנדיקע האָלצשיך. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך געשאַרט לעבן די באַראַקן־ווענט, נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם שאָטן — ביז די זון איז אויסגעגאַנגען גאָר גיך הינטערן באַרג. דעמאָלט האָבן קליינע פייגל, אָפּגעצערטע און ראַכיטישע, זיך דאָ אַראָפּגעלאָזט פון די בירקענאַוער פעלדער אין די שאָטן־און-גראָז־ווינקלען. זייער נידעריק געפלאַטער אויף דער ערד איז גיכער געווען אַ צאַפּלענדיק פאַלן איידער דער כּישוף־פּלי פון זייער דינעם פויגלשן גוף. ס׳איז געווען גוט וואָס זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט דאָ, צווישן די צעטראָטענע באַראַקן־געוויקסן, כאָטש קיינער האָט זיי שוין

נישט געזען בעת דער פינצטערניש אין די שאָטנדיקע ווינקלען פון דער בירקענאַוער ערד.

נעכטן, פאַרן אָנקומען, איז נאָך אַלץ אוודאי דאָ געווען ווי אַמאָל. דאָס נידעריקע פלאַנצן־געפלעכט, געגנערט פון דער ערד־פינצטערניש, האָט נאָך אין שפּע געקלעטערט אַרויף־צו, איבער די פאַרמאַכיקטע באַראַקן־פּאַסאַדן. וואָס געשעט איצט דאָרט, הינטערן בירקענאַוער באַרג, ווו ס׳זענען שטיין געבליבן די אויסגעלאַדענע וואַגאָנען? נאָך בעת דער נסיעה האָבן אַלע אַרויפגעצויגן אויף די פיס דאָס שטאַרקסטע: די אויסבאַהאַלטענע שטיוול, די גוט באַזוילטע שיך, אָדער די קרומלעכע הילצערנע כאָדאַקעס — די מיט קורצע כאַליעוועס פון גרינעם, שטאַרקן ברעזענט. אַלע האָבן עס נאָך געטאָן אין דער וואַגאָן־פינצטערניש, גראָד ווי גוט באַשוכטע פיס וואָלטן געווען מסוגל צו פאַרטרייבן אַן אומגליק. דער מענטש קוקט תּמיד אַראָפּ צו זיינע פיס ווי צו זיין געטרײַסטן באַשיצער: זיי זענען די ערשטע שליחים פון גוף אַנטקעגן טויט אָדער לעבן. ווי לאַנג וועלן מיר מוזן זיי טראָגן אין וועג — און גיין, גיין, גיין? וואוהין? און אָט איז שוין דער גאַנצער וועג: אַ שמאָלינקער, אַ פאַרכטיק איינגעצוימטער ווי אין אַ חלום. דער פליושענער שימער פונעם אַלטן טאָרפמאָך לייכט צו אונדזערע פיס פון די הילצערנע באַראַקן־פּאַסאַדן. שוין פון מאָרגן־דעמערונג טרעטן דאָ די הונדערטער פיס אינעם גליטשיקן שאָטן פון דער בירקענאַוער ערד. זי איז דאָ האַרבסטיק־וואַרעמלעך, די ערד. די שטיוול, שיך און האָלץ־כאָדאַקעס ווערן אַרומגעוועבט מיט די געפּאַטשטע, פוילישע שפּעטזומער־שפּינוועב־פעדעם. זיי ליגן געדיכט פאַרפלאָנטערט אויף די פיס און ווילן זיי גאַרנישט אָפּלאָזן. עמעצער פאַר מיר האָט זיך איינגעבויגן און פּרווווט צערייסן די פעדעם. ער האָט אויסגעריסן אַ בינטל פייער־שוועמלעך. איך טו עס אויך. אויף מיין האַנט ליגט אַ גאַרשט פיאָלון־גראָזן, איינציקווייז, איינציקוויז שווימען אַראָפּ אויף די פינגער פון די פיאָלון־וואָרצלען די פאַרגליווערטע, ביטערע מילכטראָפּנס.

*

אַריינגעזונקען צווישן צוויי וואַרעמע, ביינערדיקע גופים, זעען די אָפּענע אויגן די פאַליענדיקע ראַנדן פון באַראַק־פינצטערניש. תּמיד זעט

מען נאָר דאָס חשכות — און קיין מאָל נישט די ליכטיקייט. אַזוי איז אויך געווען אינעם וואַגאָן נעכטן, שטייענדיקערהייט, בעת די פינצטערניש איז געפלאָסן ווי אַ שווימענדיק וואַסער פון די צעשניטענע פעלדער. ווי אויס־טערליש: אַלע פּאַרזונקענע, נידעריקע לאָנקעס, די קרומע, ברוין־גיל־דענע סאָסנע־וועלדלעך, די אָנשאָטנדיקע, דאַרע בזשאָזעס און אַפילו די אויפגעפּראַלטע פעלד־שייערן — אַלע, אַלע הענגען זיי איצט הינטער מיינע אָפענע אויגן־לעדלעך. זיי טוישן זיך מיט אַזאַ געשווינדקייט, גראָד ווי דאָס איז געשען נעכטן, לעבן דער וואַגאָן־שפּאַרע: לאָנקע, וועלדל, בזשאָ־זע, שייער. און ווידער: שייער, בזשאָזע, וועלדל, לאָנקע. דערנאָך קומט־אויף אין דער פינצטערניש דאָס פריִערדיקע. וואָס איז געשען פריִער און וואָס שפּעטער? צי איז פאַראַן פריִער און שפּעטער? זינט דער אָפּגעצוימטקייט איז בלויז פאַרבליבן איצט. אַלץ, וואָס איז געשען און אַלץ, וואָס דאַרף ערשט געשען, — איז פאַרזיגלטקייט פון איצט. די ערד איז אַ קיילעכדיקער, פאַרצוימטער, שוואַרצער זיגל. צי וועט זיך אַ מאָל שפּאַלטן דער זיגל פון דער פאַרשלאָסנקייט? ערגעץ ווו, צווישן פאַרשלאָ־סענע, געפאַנגענע סאָסנעוועלדלעך, רייסט זיך אַוודאי אַ קוואַלשטראָמל פון אונטער דער שוואַרצער, פאַרצוימטער פאַרזיגלטקייט. וואָס מאָנט ער פון מיר איצט אין דער פינצטערניש? אַ מויל, געעפנט אינעם חשכות, ציט זיך צו מיר ווי דאָס שפּיציקע מויל פון אַ פיש. אַלע לאַנדשאַפטן, פאַרוואָרפענע מיט דער נאָך וואַרעמער האַרבסטזון — זינקען איצט אַראָפּ צו מיר אין דער פינצטער, בעת כ׳ליג צווישן די צוויי וואַרעמע, ביינער־דיקע גופים. דער אָטעם פונעם שלאָפנדיקן ביי מיין לינקער זייט זושעט פאַר מיין אויער, ווי דער פעלד־ווינט דורך דער שפּאַרע, בעת דער צוג לויפט אַראָפּ מיטן שיפּוע. דערנאָך קלאַפּן טרוקן און לאַנג די רעדער איבער די פינצטערע באַנרעלסן, ווי ס׳וואָלטן זיך פאַרמאַכט און ווידער געעפנט הויכע, שוואַרצע קלאַפּנדיקע טירן.

כ׳ווייס: איך ליג איצט אויפן בירקענאַוער דיל פון כראָפּעוואַטן צע־מענט, אינעם באַראַק פון די ניי־געקומענע. דורך די שלייפן גיסט זיך דער נאַכט־חלל — אַ רויטער, שווערער ווייַן, וואָס מאַכט וואַכיק. אַלע שלאָפן — בלויז איך אַליין בין וואַך אין דער פינצטער. אָ, גאָט, פאַר וואָס בין

איך איצט וואָך? פאַר וואָס בין איך צום מיינסטן וואָך אין געפאַלנקייט? דער צעמענטענער דיל איז קאַלט. די קעלט זיצט צווישן מיינע ריפּן. זי יאָגט צו מיינע האַרוואָרצלען ווי אַ פאַרפראַסטיקטער, טויטער רייטער. באַלד וועט ער אַריבער דעם שטערן — און די טלאָען פונעם פאַרפראָס־טיקטן פערד וועלן אַראָפּ אויף מיינע אויגן־לעדלעך. תמיד, פאָרן אַריינ־זינקען אין שלאָף, לויפט דורך פאַר מיינע אויגן אַ סטאַדע שיינע פערד אין גאַלאָפּ. פאַר וואָס איז איצט דאָס איינציקע פערד פאַרפראָסטיקט און אויף אים זיצט דער טויטער רייטער, וואָס שמייכלט צו מיר אין חלום? דאָס אַלץ געשעט אַוודאי מחמת דער נעכטיקער פּאַסירונג. דאָס איז ער, פּאַווליטשעק, דער רייטער. פּאַווליטשעק... פּאַווליטשעק... פּאַ־וולי־טשעק... פּאַ־וולי־טשעק... פאַר וואָס האָט ער נעכטן ביים אַפּעל געקוקט אויף מיינע שיך? ער איז געשטאַנען, פּאַווליטשעק, גראָד אַנטקעגן מיר פאַר דער ריי, און נישט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון מיינע שיכשפּיצן. פּאַווליטשעק מוז אַוודאי נישט זיין קיין פּאָליאַק. אפשר יאָ. די פאַר דייטשע ווערטער פאַלן צעבראָכן אַרויס פון זיין שפּיציק מויל. דער דריי־ווינקל־צייכן אויף זיין בלוזע איז נאָך פריש. די הויזן פון זעלנערישן פעלדגרין — ליגן פאַרפרעסט אין שאַרפע, שניידנדיקע קאַנטן. אויף די פיס — שפּיציקע, אַלטע לאַקשיך מיט אַן אָפּגעריבענעם, אַלטן לאַקגלאַנץ. פּאַווליטשעקס פּנים איז שמאָל־אויסגעצויגן פאָרויס ווי ביי אַ כאַרט־הונט. דאָס בירקענאַוער לאַגער־היטל זיצט אויף אים שיפלעך און פאַר־שאָטנט זיינע כאַרט־אויגן. איך זע, אַז פּאַווליטשעקס בליקן הענגען די גאַנצע צייט אויף מיינע שיך. איך פיל זיי אויף מיינע פיספינגער ווי צוויי שווערע, געפאַלענע, בלייענע זייגער־וואָגעס.

אָבער נאָך פריער, לעבן באַנפלאַנט, פאַר דער וואַגאָן־אויסלאָדונג, געשעט אָט אַ דאָס:

— העי, דו!.. מיט די ברילן!..

דאָס שרייט אַזוי אַריין אין וואַגאָן נישט פּאַווליטשעק, נאָר דער קאַנאַדער. פאַר וואָס האָב איך נישט באַהאַלטן די ברילן? איך וואָלט דאָך נישט געקאָנט אַראָפּגיין פון וואַגאָן אָן ברילן. אפשר וואָלט מיך עמעצער געפירט? איצט איז שוין אַלץ צו שפּעט.

איך שטיי אונטן, לעבן לײדיקן וואַגאָן.

דער קאַנאַדער האָט אַ ייִדיש פּנים, גרויסע בהלהדיקע אויגן, ווי ס'גליט גאַרנישט — נאָר אַ נישט־פאַרלאָשענע בושה און אַכזריות. די קליינע נישט־ייִדישע וואָנסעלעך האָבן ביי אים אַ קאָליר פון טיי. זיין נאַקעטע האַנט — אַ פליישיקע, אַ וואַרעמע און שטאַרק־באַוואַקסענע, ליגט אויף מיין רוקזעקל.

— העי, דו!.. האָסט פעסטע, פיינע שיך!..

איך וויל אַראָפּקוקן צו מיינע שיך, אָבער דעם קאַנאַדערס פּנים זינקט טיף אַריין אין מיינע אויגן. ניין, נישט בלויז אין דער אויגן־טיפעניש ברייט אין מיר דעם קאַנאַדערס פּנים. זיין שווימענדיקער פּנים־קרייז איז ווי אַ סיטש. ער בינדט מיין צונג, פאַרפלאָנטערט מיינע געליימטע פיס און פאַרפרירט די פיסקנעכלעך. אַפילו איצט, בעת כ'ליג אויפן באַראַקן-דיל, זע איך ווידער דעם קאַנאַדערס בהלהדיקע, ייִדישע אויגן.

— האָסט פיינע, פעסטע שיך!.. ס'איז פונקט פאַווליטשעקס נומער!..

וואָס מיינט ער, דער קאַנאַדער? ווער איז דער פאַווליטשעק? איך קוק אַראָפּ צו מיינע שיך. אָ, גורל פון מיינע אָפּגעהיטענע שבת־שיך... זיי זענען לייכט איינגעקנייטשט און פאַרשטויבט מיט אַן אַלטן, שוואַרצן שוכטרויער. דאָס זענען זיי — מיינע לעצטע, אָפּגעהיטענע און אויס־באַהאַלטענע אַזוי פיל יאָרן, בעת מיר גייען פון וואַגאָן צום באַראַק — גייט דער קאַנאַדער דעם גאַנצן וועג לעבן מיר. שטיל און הייזעריקלעך שושקעט ער מיר אין אויער, ציִענדיק מיך ביים אַרבל:

— גיב אים אָפּ באַלד, הערסט? וואָס דאַרפסטו צרות? גיי בעסער באָרוועס...

איך וויל אַ קוק טאָן צום פּליסטערנדיקן פּנים פון קאַנאַדער. ער ציט מיך אָבער גאָר שטאַרק ביים אַרבל.

— האָסט געהערט פון אַזאַ איינעם פאַווליטשעק?.. ווייסט וואָס זיי טוען ביי נאַכט?

ער לאָזט מיך אויסדרייען מיין פּנים צו זיין פּליסטערנדיק מויל. מיט ביידע הענט נעמט ער אַרום זיין האַלדז ווי מיט אַ רייף און כאַרכלט:

— וואָס דאַרפסטו צרות? גיב אָפּ... — — —

אָבער איצט — איצט איז נאָך נאַכט. איך ליג אויפֿן צעמענטדיל אין באַראַק. מײַנע צוויי שיך שטייען אַנגעגרייט צוקאָפּנס. אַזוי האָט ער גע־הייסן טאָן — דער קאַנאַדער. ער קומט, פּאַווליטשעק, תּמיד אין דער פֿינצטער. אַז ער טרעפֿט די שיך אויף די פֿיס — גייט מען קיין מאָל שוין נישט אַפֿילו באָרוועס... זאָל ער קומען, פּאַווליטשעק. זאָל ער קומען וואָס גיכער, פּאַווליטשעק. וואָס וועל איך טאָן אָן מײַנע שיך? איך בין קיין מאָל נישט געגאַנגען באָרוועס. גיין בלויז אין די זאָקן? אפֿשר אַרומבינדן די פֿיס מיט אַניצעס? פֿון וואַנען וועל איך נעמען אַניצעס? פֿונעם העמד, וואָס ליגט אין רוקזעקל... יאָ, אַניצעס... אַניצעס... וואָרעם די ערד איז שוין דאָ ווילגאָטנע און פֿאַררעגנט. זי איז איצט ווי ווייכער טאָרף. באַלד וועט מסתּמא אויך אַראָפּפֿאַלן דער ערשטער שניי. דער ערשטער שניי אויף דער בירקענאַוער ערד.

*

פֿאַרן באַראַק שטייט זי נאָך דערווײַל — מײַן ערשטע בירקענאַוער נאַכט. די שלאָפֿנדיקע אויפֿן צעמענטדיל זענען אײַנגעוויקלט מיט שטיל־קייט. זי איז אַנגעשוואָלן פֿון דער פֿינצטערניש — די שטילקייט. איך וואַרט נאָך אַלץ אַז פּאַווליטשעק זאָל קומען און צונעמען מײַנע שיך. דערפֿאַר שלאָף איך אַוודאי נישט. אפֿשר שטייען זיי שוין נישט, מײַנע שיך, מיר צוקאָפּנס? אפֿשר האָט ער זיי אַוועקגענומען נאָך פֿריִער, בעת כ'בין אַזוי געשווומען אין מײַן פֿינצטערער, שלאָפֿלאָזער נסיעה? ניין, זיי שטייען נאָך מיר צוקאָפּנס — מײַנע צוויי שוואַרצע שומרים, וואָס װעלן מיך ראַטעווען פֿון חניקה. זיי וואַרטן שטומע, רויִק־פֿאַרבויגענע, אין געזונקענער הכנעה — ביידע אַנגעגרייט פֿאַר פּאַווליטשעקן. פֿאַר וואָס קומט ער גאָרנישט? ווי לאַנג איז שוין נאַכט? אַז פּאַווליטשעק וועט מיר צונעמען די שיך — וועל איך זיך טאַקע מאַכן מאָרגן אַניצעס. אין מײַן משפּחה האָבן אַלע געטראָגן אַניצעס. דער טאַטע, אויך די זיידעס. אפֿשר אויך די עלטער־זיידעס. אַ סך מענטשן גייען דאָ, אין בירקענאַו, באָרוועס, אָדער מיט אַניצעס, אַרומגעבונדן מיט אַ שנירל אויף די פֿיס. פֿאַר וואָס קומט ער נישט, פּאַווליטשעק? אפֿשר האָט ער מיך גאָרנישט געפֿונען אין דער פֿינצטער, צווישן אַזוי פֿיל מענטשן, אויפֿן גרויסן

צעמענטענעם דיל? און מאַרגן... מאָרגן... זאָל איך אפשר אַרויסגיין, זיך שטעלן ביי דער אָפּענער, אייזערנער באַראַקן־טיר מיט די שיך אין די הענט — ביז ער וועט אָנקומען, פּאַווליטשעק? און אַז ער וועט אָנקו־מען, — וועל איך זיך שטעלן פאַר אים, אויסשטרעקן די הענט:

— אָט זענען זיי, מיינע שיך, פּאַווליטשעק. דער זעלביקער נומער. כ'האָב געוווּסט, אַז דו וועסט קומען. כ'האָב געוווּסט, אַז זיי וועלן מיר זיין אַ גואל — מיינע לויטערע, שבתדיקע שיך. כ'האָב זיי אַזוי אָפּגע־היטן אַלע יאָרן, דאָרטן, דאָרטן...

— ווו דאָרטן?..

אַזוי שרייט צו מיר מיט הייזעריקן כּעס פּאַווליטשעק. ער פּאַטשט אָנטקעגן מיין שלאָפנדיק פּנים מיט אַ גרויסער, געשפּענסטיקער פויסט. די פויסט איז שטאַרק רויט. דאָס איז גאָר, אין מיין האַלב־וואַך־און האַלב־געשפּענסטיקן שלאָף, אַ גרויסער רייפער עפּל. כ'האָב נישט מורא פאַרן עפּל. איך ווייז אים אָן אויף זיינע פיס מיט מיינע שיך אין די הענט. ער לייגט איבער דאָס דראַטענע, קורצע בייטשל פון זיין רעכטער האַנט אין דער לינקער. זיין פינגער איז אויפגעהויבן צום הימל.

— אַ... אַ... אַ... מיינסט, אַז אויבן דאַרף מען דיינע שיך? אָ, ניין. אַלע גייען דאָרט אַריין באָרוועס. אין גאַנצן באָרוועס. אַזוי ווי מוזולמענער אין אַ מעטשעט. וועסט זיין אַ שיינער מוזולמאַן אין מעטשעט...

— מוזולמאַן אין אַ מעטשעט? — פרעג איך אים שטיל און פאַר־חידושט — וואָס איז דאָס אַזוינס?

איך ווייס, אַז עמעצער אין מיר פּירט מיט דער שאַטנהאַפטיקער געשטאַלט פּאַווליטשעק דעם אַ געשפּענסטיקן שמועס בעתן האַלב־וואַכן שלאָף אויפן צעמענטדיל. כ'בין געפאַנגען פון אים אינעם חלום. ערגעץ ווו זענען פאַרלאָשן געוואָרן די טאָלן, די אָנשטאַנדיקע בזשאָזעס און לאַנקעס. פאַר וואָס האָבן די בזשאָזעס נישט קיין שאָטן אין חלום? אַלץ איז אַזוי דורכזיכטיק־קרישטאָליק ווי איינגעפרוירענע קוואַלן. אַפילו די נידעריקע ווינטער־וואָלקנס וואַרפן אויך נישט מער זייער שאָטן אויף דער ערד אינעם חלום. פון דער פינצטערניש שווימען ווידער אַרויס מיינע שיך און אויך פּאַווליטשעקס פּנים. פּלוצעם שפּאַלט זיך דער חלום: כ'ליג

פאַרנורעס אונטער אַ פוכיקער פערענע. ס׳איז פסח־צייט אין פענצטער. אַזאַ קרישטאַליק־גילדענע זון הענגט אויף די פראַמוגעס און אויף די שויבן. דער פסח־ווינט טרייבט אַריין אין מיין יינגליש גופל דעם ריח פון רויטע ווינטער־עפל. טאַטע־מאַמע שטייען איבער מיר און היטן מיין יינגלישן פסח־שלאָף.

— זע נאָר, זע, — הער איך דאָס קול פון דער מאַמען — וואָסער טיפן שלאָף ער האָט עס, אונדזער יורש. אַז ער וועט עפענען די אויגן וועט ער זען: די נייע פסחדיקע שיך...

— צי וועלן זיי נישט זיין צו קליין? — שמייכלט דער טאַטע, אַן אויסבאַהאַלטענער הינטער דער מאַמען.

— קליין?.. ע... ע... ע... ער האָט דאָך דעם זעלביקן נומער וואָס פאַוואָליטשעק, טאַקע ווי פאַוואָליטשעק...

איך חידוש זיך שטאַרק אינעם חלום. פון וואַנען קען די מאַמע דעם נאָמען פאַוואָליטשעק? פאַר וואָס זענען אויפגעפּראַלט די פענצטער און ס׳גליט אַריין אַזאַ שיינער עפלבוים, באַוואָרפן מיט אַזוי פיל צייטיקע, רויטע, באַטויעטע ווינטער־עפל? ס׳איז מער נישט די היים מיט די קרומע פענצטער־פראַמוגעס. אַ ראָזעווער סאָדהימל ווי אַ באַלדאַכין הענגט איבער מיר. פון אויסבאַהאַלטענע, גרינע היגלען קומען געווירצטע, וואַרעמע עפלווינטעלעך. און אָט קומען זיי אַן אַליין, שוועבנדיק אין חלל, די ווינטערדיקע סאָדעפל. די הויט אויף זיי איז אַזוי דורכזיכטיק אַז מען זעט אַפילו אונטער איר דעם ווייסן, יונגן עפל־גוף, וואָס איז ווייך־זאַפטיק. זיי פאַלן אַלע אויף מיין פנים און קריינען אַרום דעם האַלדז. אַ קרייז פון עפל ווי גליזיקע פאַטשערקעס ליגט אונטער מיין קין. און פון איין פאַטשערקע־עפל, וואָס שפּאַלט זיך, גייען אַרויס פון זיין ווייס־זילבערדיקן אינגעווייד — מיינע קליינע, יינגלשע שיך — שמייכלענדיקע, קלאָרע, באַוואָרפענע מיט לייכטנדיקן עפלטוי — — —

צוקאָפּנס מיר קלאַפּן פלוצעם טריט אויפן דיל, ווי דער אַפּהילך פון אַ וועסלע אויף אַ טייך. זיי שפּאַלטן מיין שלאָף־חלום און די וואַכיקע פינצטערניש פליסט ווידער אַריין טראָפּנווייז אין מיינע שליפן. גאָט דערבאַרעמדיקער, היט אָפּ מיינע שיך, אַז קיינער זאָל זיי אין דער

פינצטער נישט נעמען. ווו איז פּאַווליטשעק? פאַר וואָס זוימט ער זיך אַזוי לאַנג? פאַר וואָס קומט ער נישט צונעמען די שיך? באַלד וועט דאָך ווערן טאָג — — —

איצט ליג איך שוין מיט אָפענע אויגן. ס'איז אַלץ נאָך די ערשטע בירקענאַוער נאַכט אויפן דיל. אין האַלדז שווימט דאָס בלוט פאַרשלאָפן און רויק. בעתן געשפענסטיקן שלאָף־חלום האָבן זיך דערווייל מיינע הענט אַראָפּגעגליטשט פון די שיך. די גאַנצע צייט זענען זיי געשטאַנען צונויפגעבונדן מיר צוקאָפּנס פאַר פּאַווליטשעקן. איך שטרעק ווידער אויס די הענט אַזוי ווי פריִער כּדי זיי צו היטן. אַ גרויסע פרייד באַפאַלט מיך. די שיך זענען נישטאָ. דאָס איז פּאַווליטשעק געווען דאָ אין דער פינצטער. דאָס האָט ער זיי צוגענומען און אויך אַוועקגענומען פון מיין האַלדז דעם גזר פון חניקה. איצט ווייס איך: כ'וועל לעבן. לעבן. מאָרגן וועל איך צערייסן ס'העמד און מיר מאַכן אָניצעס. די נאַכט וועט זיך באַלד אויסלעשן. מיין האַלדז, ווו ס'זענען פריִער געפאַלן די שיינע רויטע סאָדעפּל, טרינקט די פריידיקע פינצטערניש. די בירקענאַוער האַרבסט־טיקייט גליט אויפן קאַלטן צעמענטדיל: כ'וועל לעבן — לעבן באַר־וועסערהייט, באָרוועס... באָרוועס... באָרוועס...

*

דריי גייען מיר הינטער זיי. איך בלויז — אַ באָרוועסער. פון פאָרנט שפּאַנען צוזאַמען: דער קאַנאַדער און פּאַווליטשעק. דער קאַנאַדער טראָגט שאַרף־גלאַנציקע, נייע שטיוול. פּאַווליטשעק — מיינע שוואַרצע, שבתדיקע שיך. בעתן גיין קוקן זיי גאָרנישט הינטערווײַלעכץ צו אונדז. איבער אונדזערע נאַקנס ליגן די שווערע, ברייטע אוישוויצער שפּאַדלעס. זיי, די שפּאַדלעס, זענען פון שאַרפן, שוואַרצן בלעך און פאַרבלאָטיקט פון דער בירקענאַוער ערד. די ערד איז ברוינלעך־טאָרפיק און ליגט אויפן שוואַרצן שפּאַדלבלעך צערונען. גרודעס ערדענע, פאַרגליווערטע, וואָס גלאַנצן איצט אין קילן, האַרבסטיקן זונליכט. איך גיי אין דער מיט אַ באָרוועסער — און קאָן גאָרנישט אַראָפּנעמען מיין פּנים פון פּאַווליטשעקס פיס. ביי מיין רעכטער זייט — מיין שלאָף־שכן אויפן צעמענטדיל פּיז ביינאַכט, ביי מיין לינקער — זיין יונגער זון. כ'זע בלויז דעם זונס האַלבן

לייכטן ווידער צו אונדז מיטן פליושענעם שימער פון אַלטן טאָרפמאָך. דער זאַמדוועג פירט צום באַרג. וואָהין פירן זיי אונדז? איצט שטייט ס'איז אַ שמאָלער זאַמדוועג צווישן די באַראַקן. די נידעריקע פּאַסאַדן נאַכט אויפן קאַלטן צעמענט. די ערד, ווו מיר גייען איצט, איז ווייך און גאָרנישט קאַלט, כאָטש ס'האָט ביי נאַכט געצויגן אַ יונגער באַרגפראָסט. פּנים, וואָס איז גרינלעך־ווייס פון שרעק. כ'ווייס נישט ווער מיינע דיל־שכנים זענען. אָט זענען זייערע גופים, וואָס האָבן מיך געוואָרעמט ביי שוין די בירקענאַוער זון העכער אין הימל. זי הענגט גראָד איבערן פּאַר־וואַלקנטן באַרג. פון דאָרט בלאָט צו אונדז אַראָפּ אַ שיטער אינדזועלע פוןביימער. דאָס זענען אַוודאי די בירקענאַוער בזשאָזעס, וואָס האָבן נישט קיין שאָטן. בזשאָזעס אָן שאָטן? ווו האָב איך זיי שוין געזען אַזוי דורכזיכטיק־קרישטאָליק? צי איז עס איצט דער סוף פונעם חלום — אָדער גאָר אַ נייער אָנהייב? באַלד וועלן ביידע, דער קאַנאַדער און פּאַוו־ליטשעק, זיך אויסדרייען צו אונדז. ווידער וועט זיך אָנהייבן דאָס זעלביקע וואָס באַגינען, ביים אַרויסגאַנג פון דער שוואַרצער, אייזערנער באַראַקטיר.

ביידע בלייבן זיי שטיין. די שפּאַדלעס זענען איצט געוואָרן שווערער אויף אונדזערע נאַקנס. פּאַוווליטשעק קומט־צו צו מיר אַזוי נאָענט אַז זיינע שיך שטייען אויף מיינע באָרוועסע פיספינגער. כ'האָב נאָך נישט באַוויזן צו צעשניידן דאָס העמד אויף אַניצעס. פּאַוווליטשעקס איינציקער גילדערנער צאָן בלאַנקט רויטלעך פון הינטער זיין אויפגעהויבענער ליפּ. זיינע צוויי פויסטן — גרויסע, צייטיקע, רויטע סאָדעפּל — ציטערן אומ־רויִק אַנטקעגן מיין פּנים. ער פרעגט שטיל, שטיל מיט אַ פאַרצוימטן אָטעם:

— פאַר וואָס גייסטו באָרוועס, דו... ווו זענען דיינע שיך? ווייסט נישט, אַז אין בירקענאַו גנבעט מען אַלץ? פאַר וואָס האָסטו ביי נאַכט נישט געהיטן דיינע שיך?..

איך ווייס: דאָס איז פּאַוווליטשעקס לעצטע שפּיל מיט מיר פאַרן סוף. איך דאַרף בלויז זאָגן: אָט... ווי שיין מיינע שיך זיצן אויף דיינע פיס, פּאַוווליטשעק. זיי זענען ווי געפּאַסט פאַר דיר. דער זעלביקער נומער.

אָדער גאָר: בלויז אַרויפשמייכלען צו אים, כדי ער זאָל פאַרשטיין. און דעמאָלט, דעמאָלט — וועט עס געשען דאָ, צווישן די באַראַקן, אויפן שמאָלן זאַמדוועג. דאָ, ווו ס׳פאַלט נישט דער מינדסטער שאָטן. זינט כ׳בין אַרויס פונעם צעמענטענעם דיל און גיי מיטן שפאַדעל — איז דער באָרוועסער גאַנג אין גאַנצן אָנשאָטנדיק. ווו זענען פלוצעם אַוועק די בזשאָזעס אויפן באַרג? די ערד אונטער מיינע נאַקעטע פּיאַטעס איז וואַרעמלעך־מילד. איך פיל לחלוטין נישט פאַווליטשעקס שטיין אויף מיינע באָרוועסע פינגער. מיינע שיך האָבן מיך גערעאַטעוועט פון טויט. צי וועלן זיי מיך איצט צוריק איבערגעבן אין פאַווליטשעקס הענט?

— דו... פאַר וואָס שווייגסטו?.. פאַר וואָס גייסטו באָרוועס?.. ווו זענען דיינע שיך?..

ער גייט אַלץ נישט אַראָפּ, פאַווליטשעק, מיט זיינע שיך פון מיינע נאַקעטע פיס־פינגער. זיין אָטעם איז נאָענט צו מיין מויל. ער איז האַרב און דורכגעזאַפּט מיט בראָנפן — פאַווליטשעקס אָטעם. ער פאַרקרימט פלוצעם זיינע באַקן, בעת די אויגן שליסן זיך אים פאַוואָליע ווי ביי אַ קאַץ פאַרן שפרונג.

— און איצט וועסטו, נעבעך, זונעניו, גיין באָרוועס... און זיך פאַרקילן...

דער קאַנאַדער לאַכט הינטער אים — אַ קריציק, צעזעגט, איינגעהאַלטן געלעכטערל.

פאַווליטשעק גייט אַראָפּ פון מיינע נאַקעטע פיספינגער. צו ערשט מיטן רעכטן פוס, דערנאָך — מיטן לינקן. איצט זע איך: פון מיינע פינגער גייען אַרויס דינע, רויטע בלוט־שנירעלעך. ווי אויסטערליש: כ׳האָב זיי גאָרנישט געפילט בעת ער איז געשטאַנען אויף מיינע נאַקעטע פינגער. מסתּם פילט מען אַזוי אויך נישט דעם טויט. די שנירעלעך בלוט ווערן איינגעזאַפּט פון דער ערד, וואָס ווערט באַוואָרפן מיט אַ שיטערן, ראָזיקן שאָטן.

איצט ברענען זיי שוין, די פינגער, בעתן גיין אויף ס׳ביי הינטער פאַווליטשעקן. די פּיאַטעס זענען קיל, בלויז די פינגער אויבן גליִען. וואַהין פירן זיי אונדז? איך גיי אַ באָרוועסער הינטער פאַווליטשעקן.

מיינע שיך אויף פּאַווליטשעקס פּיס לאָזן איבער אין דער פייכטער ערד זייערע שפּורן. מיינע נאַקעטע פּיאַטעס טרעטן גראָד אין די דאָזיקע פּאַרטיפטע שיכשפּורן. דאָס זענען זיי — די געפּאַלענע זיגלען פון מיינע שבת־שיך. זיי זענען שאַרף־קאַנטיק און שאַטנדיק־פּאַרגילגולט דאָ אויף אייביק אין דער ערד. זיי טראָגן מיך אַזוי שוועבנדיק־לייכט — די געפּאַלענע, שיינע זיגלען. ווי זיס איז דער שאָטן, וואָס ציט צו זיך דיינע הוילע, נאַקעטע פּיס. די ערד איז געוואָרן פּלוצעם קאַלט. אין חלל הענגט דער חלום פון ערשטן שניי, וואָס וועט אַוודאי באַלד אַראָפּפאַלן און פאַרדעקן די געפאַלענע זיגלען. ביז ער וועט אַראָפּפאַלן, דער שניי, וועל איך נאָך גיין באָרוועסערהייט הינטער פּאַווליטשעקן. איך וועל גיין באָרוועס — ביז איך וועל אַזוי אַ באָרוועסער צוקומען צום באַרג און צום אינדזעלע בזשאָזעס, וואָס האָבן נישט קיין שאָטן.

*

אַרויף־צו, ביז צו די דאַרע, דורכזיכטיקע בירקענאַוער בזשאָזעס, וואָס האָבן נישט קיין שאָטן, איז דער באַרג נאָך געווען פאַר מיינע באָר־וועסע פּיאַטעס ווייך און גליטשיק. נידעריק אַרום דעם באַרג־שפּיץ הענגט דער נעפּל — אַ בלאַלעכער, אַ צעריסענער. די שיטער־צעוואָרפענע קוסטעס צופוסנס פון באַרג זענען אויך ווי די בזשאָזעס דין־דורכזיכטיק. אויף זייערע נידעריקע, ערב־ווינטערדיקע צווייגן הענגט שוין נישט דאָס מינדסטע בלעטל. זיי זענען, די קוסטע־צווייגן, ברייטלעכע און שטאַרק געפּאַלענע אין זייער פּאַרייזאושטן געפלעכט ביז צו דער ערד אַראָפּ. זיי זעען אויס ווי אַ קופּקעלע געבויגענע געשטאַלטן, וואָס ווילן פאַר־זינקען אין דער ערד. דאָס געשעט מחמת דעם וואָס דער באַרג הייבט זיך אויף גאָר הויך איבערן בירקענאַוער טאָל. ער איז פריי פאַר די שאַרפע פּוילישע האַרבסט־ווינטן. געווייינטלעך קומען דאָ אַרויף צום באַרג די ערשטע שנייווינטן פון דער צפון־זייט. זיי קומען, די ווינטן, מיט זייער דינעם, שאַרף־דימענטענעם אָטעם און מיט אַ שדיש קוימען־פּייפּערײ, כאָטש אַרום אויף די פעלדער איז נישט צו זען די מינדסטע כאַטע, אָדער באַווינטער בנין. אויך גאָר נידעריק, ביי מיינע באָרוועסע פּיס, איז פון אַלע פיר זייטן געגאַנגען דער ווינט מיט דער זעלביקער גלאַזקייט און

חלף־שאַרפקייט. ער האָט אַפילו אָפּגעדעקט, דער ווינט, אין זיין געווירבל אַלע פאַרייִאושטע, קאַלטע קוסטע־וואָרצלען פון דער באַרג־ערד, די טאָרפיק־ברוינלעכע און אַשיק־פאַרקוילטע און אויך די קליינע נישט־אויפגעגאַנגענע בלעטלעך, וואָס זענען פריצייטיק פאַרשטאָרבן אין דער בירקענאַוער באַרג־ערד.

די אַלע קוסטע־וואָרצלען, אָפּגעדעקטע פאַרן הוילן באַרג־ווינט זענען געהאָנגען איבער דער ערד ווי צעריסענע פויגלשע נעסטן. ביי יעטוועדן געווירבל האָבן זיי זיך אונטערגעהויבן פון דער ערד און זיך געהוידעט אינעם ווינט. אָט, אָט און דער גאַנצער פלאַטשיקער קוסט, אונטערגעהויבן פון די אָ צעשינדענע שוואַרצע וואָרצלען, וועט איבעררייסן זיין לעצטן צובונד מיט דער ערד. ער וועט זיך אויפהייבן פון דער נידער און זיך אַוועקלאָזן אינעם געווירבל צו די בלאָלעכע טונקלענישן פון די ערשטע שניי־וואָלקנס. און אויסטערליש איז געוועזן ווי אַזוי יעטוועדער באַרג־קוסט האָט זיך געהאַלטן בלויז ביי זיינע גאָר דינע דורכזיכטיקע וואָרצל־פעדעם. אָט די איינציקע, ציטערנדיקע וואָרצל־פעדעם זענען געווען אַזוי בלאָלעך־רויט און אָפן ווי אַן אָדער, ווו ס'איז שוין לאַנג אין וועלקונג פאַרגליווערט דאָס בלוט — און בלויז דער פאַרזיגלטער, אייביקער סוד פון טויט איז מסוגל אים אויף ס'ניי צו מאַכן בלײַען אינעם געווירבל פון אַלע ווינטן און אַלע צייטן.

פּאַוולישעק און דער קאַנאַדער זענען ביידע נאָך אַלץ געגאַנגען פאָרויס. די גאַנצע צייט דאָ אַרויפצו מיטן זאַמד־וועג האָט קיינער פון זיי נישט אויסגעדרייט אויף הינטערווײַלעכץ צו אונדז זיין פּנים. זייערע פולע געשטאַלטן זענען איינגעהילט אינעם באַרג־נעפל, וואָס איז אַזוי מילך־גראָ און ציטערט. פאַרטאָן אין רעדן האָבן זייערע ביידע אויפגעהויבענע הענט געמאַכט עטלעכע מאָל עיגולים אין חלל אַרום זיך. דערנאָך האָבן זיי די לופט־עיגולים אַראָפּגעוואָרפן אויף דער באַרג־ערד, ביי זיך צופוסנס. טייל מאָל האָט זיך פּאַוולישעק אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט. ער האָט לאַנג געהאַלטן דעם קאָפּ געזונקען צו זיינע פיס. וואָס אַזוינס זוכט פּאַוולישעק אין מיינע שיך, וואָס ער טראָגט זיי פון ביינאַכט? ערשט נישט לאַנג ווי ער איז געשטאַנען אויף מיינע באָרוועסע

פיס־ פינגער, אין מיינע שיך, מיט זיין גאַנצן שווערן גוף. דאָ, אויף דער באַרג־ערד, זענען די געפאַלענע שיך־זיגלען נישט אַזוי ווייך פאַרטיפט ווי דאָרט, אונטן, אין בירקענאַוער פלאַכלאַנד. דער פייכטער נעפל האָט אַוודאי געמאַכט גיך פאַרזינקען די שיך־סימנים אין דער באַרג־ערד. בלויז די שטיוול פונעם קאַנאַדער האָבן אַרויפגעלויכטן מחמת דער חלל־ווילגאַטנעקייט מיט אַ מאַטן און טריבן גלאַנץ. כ׳בין ווידער גע־גאַנגען אין מיטן צווישן די צוויי פרעמדע נאַכט־שכנים אויפן בירקענ־אַוער בעטאָן־דיל. די שיטערע נעפלען טרעטן פלוצעם אָפּ. די באַרג־ערד אונטער די פיס ווערט מיט אַ מאָל אָפּגעדעקט שטייניק, אָן דעם מינדסטן ווילדגראָז־שאָטן, אָדער געפאַלענע קוסט-צווייגן.

די צוויי מענטשן פאַר אונדז בלייבן פלוצעם שטיין און דרייען אויס זייערע קעפּ. אויף פאַווליטשעקס פנים איז פאַרגליווערט אַ שמייכל פול מיט סוד. מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ ווייכער, אויפגעשפּראָצטער מענטש־לעכער שמייכל, וואָס איז פלוצעם פאַרטרוקנט געוואָרן צווישן די פאַלדן פון זיין פנים. אָ, גאָט, וואָס זאָגט־אונדז־אָן דאָס שמייכלענדיקע פנים פון פאַווליטשעקן, דאָ ביים אַרויפגאַנג אויפן בירקענאַוער באַרג. פאַר וואָס קוקט ער נאָך אַלץ די גאַנצע צייט אויף מיינע באָרוועסע פיס? הימל אייביקער, צי וועל איך שוין קיין מאָל נישט אויסקויפן די זינד מחמת מיינע שיך, וואָס פאַווליטשעק האָט זיי גענומען פאַר זיך ביי נאַכט, אין דער באַראַקן־פינצטערניש?

דער קאַנאַדער האָט זיך איצט אָוועקגעשטעלט גאָר נאָענט פאַר אונדז, בעת די פיס זיינע זענען צעשפרייט און די הענט ליגן אויף די באָקעס. די ייִדישע פאַלדן פון זיין פנים, פאַרשלאָפן־אָנגעשוואָלן, זענען געטיילט אין צווייען. איין טייל: אָפענע, רויטע פונקען־רוגזה, בעת אויפן צווייטן רוט אַ פאַרבאָרגענע גזר־דין־פאַרשטומקייט. אויך זי, די געצוימטע פאַרגליווערטקייט פון זיין פנים, באַהאַלט אויס מן־הסתם דעם סוד פון אונדזער באַלדיקן טויט — דאָרט אויבן, אויפן בירקענאַוער באַרג. ס׳איז גרינגער פאַר מיר אַריינצובליקן אינעם אָפענעם פנים־טייל מיט זיין אָפגעדעקטער צאָרן־פלאַמיקייט, איידער אין זיין פאַלדן־פאַרגליווערטקייט. צי איז עס מחמת דעם וואָס דאָס סודותדיק־פאַרבאָרגענע טראָגט צו אונדז

תמיד מער פינצטערע אימה איידער דער אָפענער, אומפאַרחתמעטער גזר?
אָבער — פאַר וואָס איז פאַוולישעקס פנים נישט אַזאַ ווי דעם קאַנאַדערס?
פאַר וואָס שמייכלט ער ווידער, פאַוולישעק, אַראָפּ צו מיינע שיך, וואָס גלאַנצן אויף זיינע פיס; ווי ער וואָלט דאָרט דערזען עפּעס לצנותדיקס און שטיפעריש, בעת דאָס ייִדישע פּנים פונעם קאַנאַדער איז דער מבשׂר פון אונדזער לעצטן אומפאַרחתמעטן גזר? צי וועלן מיך נאָך מיינע באָר־וועסע פיאַטעס היינט אַראָפּפירן מיטן באַרג־שיפּוע אַהינצו, צום ביר־קענאַווער טאָל, צו די פליסנדיקע הימלפלעקן אַרום די שוואַרצע באַראַקן, דאָרט, ווו די ערד עטעמט נאָך האַרבסטיק־וואָרעמלעך און ווו ס'נידערט קיין מאָל נישט אַראָפּ דער באַרג־נעפּל?

פאַוולישעק און דער קאַנאַדער שטייען גאָר נאָענט אַנטקעגן אונדז, דאָס מאָל גליטשן זיך שוין זייערעביידנס בליקן איבער מיינע באָרוועסע פיס. אויף מיינע נאַקעטע פיס־פינגער זיצן נאָך די פאַרגליווערטע בלוט־קייקעלעך ווי קליינע, צעבליטע מאַלינעס. זיי זענען דאָרט שוין פאַר־בליבן, די בלוט־קייקעלעך, באַלד נאָך דעם ווי פאַוולישעק איז אַראָפּ מיט די שיך פון מיינע באָרוועסע פינגער. אַ סך, אַ סך אַזעלכע בלוט־קייקעלעך זענען אַוודאי אַראָפּגעזונקען אינעם זאַמד פריער, איידער פאַוו־לישעק איז אַראָפּ פון מיינע נאַקעטע פינגער. איצט איז דער גאַנצער זאַמדוועג אַהערצו, דורכן גאַנצן טאָל, פאַרפלאַנצט מיט די אַ מאַלינעס. זיי וועלן דאָרט שוין אַזוי פאַרבלייבן אין דער שיטערער ערד־פלאַך אַנטקעגן הימל, ווינט, רעגן און שניי־נעפּלען. דערנאָך וועלן קומען זיי — די בירקענאַוער פייגל: די גראָלעכע און די גראַנאַט־שוואַרצלעכע, די פליגל־שפּיציקע און די הויכפּיסיקע, די שטומע און די זינגענדיקע — פון אַלע אומפאַרצוימטע בירקענאַוער פעלדער, פון אַלע אָבלדיקע וואַ־סערלעך אַרום די טויטע, שוואַרצע מילן. די מילן שטייען נישט ווייט פון די פאַרשטאָרבענע וועלדלעך, ווו דער סאַמעטענער וואַלד־מאָך ווערט יעדן טאָג פאַרשיט מיט טלי׳ענדיקן אַש פון צעפּאַלענע גלידער. זיי וועלן קומען טשאַטעסווייז, די בירקענאַוער הימל־זינגער, און אַרויס־פּיקן פון דער ערד די רויטע קייקעלעך ווי געוואָרפענע זיסע, קליינע זוימען. זיי וועלן זיי טראָגן אין זייערע שנאָבלען אַנטקעגן הימל

מיט זייער פויגלשן אומגעדולד. און אפשר... אפשר וועט גאָר פריִער, נאָך איידער די פייגל וועלן זיך באַוויַיזן, אַראָפּפאַלן דער בירקענאַוער שניי און פאַרדעקן די פאַרפלאָנצטע זוימען? ווי הייס זיי גליִען אונטער מיין שטערן — די אָ קליינע, צעפלאָטערטע, אָפּגעריסענע מחשבות. איצטער בליק איך אויף אַראָפּ צו מיינע באָרוועסע פיס. פאַר וואָס שטייען נאָך אַלץ דיביידע מענטשן אַנטקעגן אונדז? צי האָט זייער שווייגן פאַרקנופּט אַ שוואַרצער בונד מיטן שווייגנדיקן בירקענאַוער באַרג? מיט די שאָטנ־לאָזע באַרג־בזשאָזעס און מיט אַלע געבוקטע, דורכזיכטיקע באַרג־קוס־טעס, וואָס קניִען פאַר אונדז?

כ׳שטיי נאָך אַלץ צווישן מיינע נאַכט־שכנים. בלויז איך איינער — אַ באָרוועסער. דער טאַטע מיטן זון טראָגן נאָך אויף זייערע פיס די געטאָ־שיך — איינגעפאַלענע, פאַרקרומטע און איבערפול מיט יאוש. די ביר־קענאַוער שפּאַדלעס ליגן איצט אַזוי שווער אויף אונדזערע אַקסלען. ניין, דאָס זענען שוין מער נישט קיין שוואַרצע, שווערע אוישוויצער שפּאַדלעס. דאָס זענען פייער־פליגל, צעשפּרייטע און צעפּאָכטע, שיצנדיקע און לייכטנדיקע, וואָס וועלן אונדז אויפהייבן הויך איבערן באַרגיקן נעפּל. זייערע שפּיציקע פליגל־שאַרפן זענען אַזוי הונגעריק נאָך הימל. דער קאַנאַדער נעמט פּלוצעם אַרויס פון טאַש אַ שטריק־קנוילכל. ער פירט די שטריק גאָר נידעריק אויף דער באַרג־ערד. פון דער שטריק ווערט אַ פּירעקיקער פורעם. ער מעסט, דער קאַנאַדער, דעם פורעם און לאָזט אַריין קליינע געהילץ־פּלעקלעך ביי אַלע זיינע פיר זייטן. בעת דער קאַנאַדער הייבט זיך אויף פון די אָנגעצויגענע שטריקלעך — שרייט צו אונדז שוין פּאַווליטשעק:

— גראַבן!.. גראַבן! אָבער שנעל! גראַבן... גראַבן!.. גראַבן!..

ער שרייט מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ גלייך אין הימל אַריין. דאָס שרייט ער אַזוי צו אונדזערע שפּאַדל־פליגל, כדי זיי זאָלן זיך אויפהייבן מיט אונדז גיכער אונטער די הימל־הויכקייטן. זיין קול פאַלט גיך ווידער אַראָפּ. אָט ליגט עס צעקרישלט ביי אונדזערע פיס אויפן באַרג. מיינע שיך אויף פּאַווליטשעקס פיס שווימען איצט אַוועק אַזוי ווייט. אויף זייער אָרט זע איך בלויז אַ נידעריקן, גראָלעכן נעפּל. פאַר וועמען דאַרפן איצט

אונדזערע שפּאַדלעס גראָבן אַ גרוב אויפן באַרג, בעת זייערע שפּיציקע פליגל בענקען אַזוי אויפצוהייבן זיך אַנטקעגן הימל? מן הסתם איז דער וועג צו די הימל־הויכקייטן דורכן באַרג, וואָס האַלט פאַרשלאָסן אין זיך די פינצטערניש. פאַר וואָס הייסט איצט פּאַווליטשעק, אַז אויך מיינע צוויי שכנים זאָלן אויסטאָן די שיך? פאַר וואָס דאַרפן אויך זיי זיין באָרוועס? די צוויי בייגן זיך אַפילו נישט אַראָפּ, כדי אויסצוטאָן די שיך, וואָרעם די שיך האַלטן זיך אויף זייערע פיס אָן די בענדלעך. זיי האַלטן זיך אינעם ווייסן, געבערגלטן געשווילעכץ אַרום די קנעכלעך. אָט שטייען מיר שוין אַלע דריי באָרוועס און וואַרטן. באָרוועס אויפן באַרג. דאָס זענען זיי, מיינע נאַקעטע פּיאַטעס שולדיק אין אַלץ. דאָס זענען זיי שולדיק וואָס אויך מיינע נאַכט־שכנים האָבן געמוזט אַראָפּוואַרפן פון זיך די הילצערנע שיך. איצט זעט מען זייער רונדיקע, ווייסע אָנגעלאָפנקייט ווי זי קריינט־אַרום די אונטערשטע פיס־קנעכלעך. אויך מיינע פיס האָבן דאָס דאָזיקע געשווילעכץ, וואָס איז אָבער רויטלעכער און פלאַכער. ווען נישט מיינע שיינע שבתדיקע שיך, וואָס פּאַווליטשעק האָט ביי נאַכט גענומען פאַר זיך, וואָלטן מיר אַלע דריי נישט געשטאַנען דאָ, גרייטע צום גראָבן אויפן באַרג. מיינע שכנימס נאַקעטע פיס־פינגער זענען פלוצעם געוואָרן געל פונעם אָפּגעלאָפּענעם בלוט. זיי זענען גאָלדיק ווי פאַרוועלקטע אַלטע בלעטער. מיינע שכנים הייבן נישט אויף זייערע אויגן פון דער ערד. ביי זיי גליט מסתם אויך די זעלביקע מחשבה וואָס ביי מיר: דאָס זענען זיי — מיינע שבתדיקע שיך שולדיק אין אַלץ. זיי האָבן אונדז אַלע אַרויפגעפירט צום זעלביקן גורל. איצט שטייען מיר אַלע דריי באָרוועס. באָרוועס אויפן בירקענאַוער באַרג.

שווער און פּאַוואָליע פלאַטערן־אַריין אונדזערע דריי שפּאַדל־פליגל אין דער באַרג־ערד. ער איז האַרטנעקיק־פאַרשלאָסן, דער באַרג, און פול מיט גרין־פאַרמאָכיקטע שטיינדלעך, וואָס לייכטן־אַרויס פון צווישן די געקרייזלטע, פאַרשטאָרבענע וואָרצלען. פאַר וואָס ציטערן אַזוי אין אונדזערע הענט די שוועבנדיקע רידל־פליגל? וואָס מער זיי ציטערן, די רידל־פליגל, אַלץ שפּיציקער לאַכן פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער. מיין שכנס אויגן ציטערן פון טרערן־פאַרקלעמונג. ווער פליסטערט עס איצט אַנטקעגן

מיין אַראָפּגעזונקען פּנים? דאָס פליסטערט אוודאי פאַרשטומטערהייט דער ווינט אַרום די פליגל־שפּאַדלעס אויפן זאַמד. ווי אויסטערליש: דער באַרג־נעפּל גייט־אַרויס פון דער ערד. אַלע נעפּלען ווערן געבוירן מסתם אין דער ערד־פאַרשלאָסנקייט — ביז זיי שוועבן ביסלעכווייז אַרויף צו די הימלען. דער נעפּל פאַרשטעלט איצט מיינע שוואַרצאַפּלען. ווער פליס־טערט עס איצט אין מיר: גאָט... דערבאַרעמדיקער... אל רחום וחנון... מאַמע... צי פליסטערן אַזוי די פליגל, וואָס טראָגן אונדז שוין אַוועק פונעם באַרג? צי זענען אַזעלכע תמיד די רייד פון אַלע, וואָס מוזן פאַר זיך אַליין גרייטן אויף אייביק די ערדישע, פלאַכע פאַרטיפונג?

די אויסגעגראָבענע באַרג־ערד פאַלט אַראָפּ פון די דריי שאַרפע רידל־פליגל. דאָ, ווו מיר שטייען, איז דער סאַמע באַרג־שפּיץ, אַרומגערינגלט בלויז מיט ווינט און מיט בירקענאַוער וואָלקנס. ער איז נאַקעט־אָפן און פלאַכלעך — דער באַרג־שפּיץ. נישט ווייט פון אונדז, שוין אויפן שיפּוע, קניען זיי, די איינצלנע באַרג־קוסטעס. דאָס, וואָס ס'איז נישט געשען מיט אונדז דאָרט, אונטן, צווישן דעם שמאָלן באַראַקן־וועג וועט איצט געשען דאָ, אויפן בירקענאַוער באַרג. אויף דער צווייטער זייט, אַנטקעגן אונדז, צופוסנס פון באַרג, ליגן שוין די בלאָטיקע טאָרף־פעלדער. קליינע, נידע־ריקע האַרבסט־רויכלעך ווילן זיך אויפהייבן צום הימל און קאָנען נישט. זיי פאַלן גיך צוריק אַראָפּ צו די טאָרף־פעלדער. אַ שערענגע פייגל־טשאַטעס יאָגן זיי נאָך, פאַרשווינדן צעפלאָשעטע אין זייער נעפּל־אײנגע־ווייד און בלויז איינצלנע פון זיי באַווייזן זיך ווידער אין זייער פלי גאָר נידעריק ביי דער ערד.

פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער — ביידע זיצן זיי אויף אַן אַרויס־שטייגנדיקן באַרג־שפּיץ ווי אויף אַ טראָן. זיי רייכערן דיקלעכע, לאַנגע ציגאַרעטן, בעת מיר דריי וואַרפן דערווייל אַרויס די אויסגעגראָבענע ערד. זייערע פּנימער באַגלייטן אונדזערע אויפגעהויבענע רידלען און דאָס פאַלנדיקע זאַמד, וואָס בערגלט זיך שוין ביי די זייטן. כ'שטיי גראָד אַנטקעגן מיינע צוויי נאָכט־שכנים. דעם פאָטערס פּנים איז באַוואָקסן מיט שיטערע שנייהאָר און איז גיפּסיק־טויט. זיין יונגער זון העשעט אָן אַ קול אויפן רידל־געהילץ. ניין, דאָס העשעט ער אַזוי אויפן איינגעבראָ־

כענעם פליגל. אונטער מיינע נאַקעטע פּיאַטעס גליט די באַרג־ערד. נעפּל, ווינט און פייער גייט צו אונדז פון דער אויסגעגראָבענער פאַרטיפונג.

ווי לאַנג דויערט דאָס גראָבן פאַר דריי מענטשן דאָס אייביקע געלעגער אויפן בירקענאַוער באַרג? — אַזוי לאַנג ווי עס רוט די אָ גיפּסיקע, שטייניקע טויטקייט אויף מיין שכנס פנים. אַזוי לאַנג ווי ס׳פאַלט אויפן רידל־פליגל דעם ייִנגלס צעבראָכן געכליפּ. אַזוי לאַנג ווי ס׳גייט דאָס באַרג־פייער צו מיינע באָרוועסע פּיאַטעס. ווי טיף דאַרף זיין דאָס געלעגער פאַר דריי מענטשן אויפן בירקענאַוער באַרג? — נישט טיפער ווי די טיפקייט פון אַ פלאַך וואַסערל, פון וואַנען מען זעט אַרויס דעם גראָען ערדישן דנאָ. אָט בליקט צו אונדז שוין דער דנאָ פון אַלץ, — דאָ, אויפן בירקענאַוער באַרג. דער דנאָ פון הימל, וואָס איז פאַרזיגלט. דער דנאָ פון דער ערד, וואָס איז אַוודאי דער געעפנטער הימל־זיגל. דער דנאָ פון פייער, וואָס גייט־אויף פון דער אויפגעזיגלטקייט. דער דנאָ פון אַלע דנאָען, ווו ס׳פאַלן די שטומקייטן און די רופעניש, וואָס וועלן שוין קיין מאָל נישט האָבן קיין ווידערקול. צי וועט טאַקע דאָ, אויפן באַרג, נישט ווייט פון די דורכזיכטיקע קוסטעס, וואָס האָבן נישט קיין שאָטן, זיין דאָס פלאַכע געלעגער פאַר אונדז, די דריי באָרוועסע?

אָ, נישט אַזוי גיך וועלן שטאַרבן די דריי באָרוועסע. נישט אַזוי גיך וועלן שטאַרבן די דורכזיכטיקע קוסטעס. נישט אַזוי גיך וועט אויף זיי פאַלן דער ערדישער פליגל־זיגל. לכתחילה וועלן שטאַרבן זיי — די קוסטעס אַליין. זיי וועלן אַרויפקומען אַהער מיט זייער טרוקן צווייגן־געפלעכט. זיי וועלן פאַלן אין דער אָפענער, ערדישער פאַרטיפונג. שפּעטער וועט פון די קוסטעס אויפגיין אַ בלאַלעכער און דיקלעכער רויך פונעם פייער, וואָס די צוויי מענטשן הינטער אונדז וועלן אָנצינדן. זיי וועלן אַזוי ברענען, די קוסטעס, לאַנג, לאַנג ביז די אויסגעגראָבענע פאַרטיפונג וועט ווידער ווערן אַ נידעריקער דנאָ מיט די פאַרצערטע אויסגעריסענע קוסטעס. און דעמאָלט, דעמאָלט וועלן די דריי באָרוועסע ווידער שטיין אַנטקעגן דעם אָפענעם, פאַראַשטן גרוב. און דעמאָלט וועט נאָך טליען אויפן דנאָ אַ פאַרדעקטער איינצלנער פונק, וואָס וועט נישט וועלן אויסגיין.

איצט גייען שוין אַראָפּ געשטאָרבענע, די דריי באָרוועסע. מיר טרעטן איבערן שיפּוע פאַרגליווערטע אין אונדזער פאַרשטאָרבנקייט. הינטער אונדז פלאַקערט נאָך דער באַרג־שפּיץ אַנטקעגן הימל. ס׳איז פלוצעם געוואָרן בלאָלעך־אָוונטיק. דאָס פייער פון באַרג גייט אונדז נאָך ווי אַ שאָטן. דאָס איז מסתם דער אוראַלטער דאָרנבוים, וואָס פלאַקערט דאָרט אַרויס פון אונדזער פאַרשטאָרבנקייט. ער וועט דאָרט אַוודאי קיין מאָל נישט אויסגיין. און אפשר, אפשר גליט אַזוי דאָרט די אויפגייענדיקע זון פונעם פאַראַשטן און נאָך טליִענדיקן דאָרן־קוסט? אפשר רופט ער אַזוי צוריק צו זיך אויפן באַרג אונדז — די דריי באָרוועסע?

*

דער גראָלעכער בעטאָנדיל אינעם שמאָלן באַראַק איז היינט נישט אַזוי קאָליריק ווי נעכטן. ער איז אויך נישט אַזאַ ווי מיט צוויי טעג צוריק, בעת איך בין געטריבן געוואָרן אַהער מיט אַלע געבויגענע גוף־שאָטנס פון דער נידעריקער בירקענאַוער באַנראַמפּע. דעמאָלט, אין די ערשטע שעהען, איז ער געווען, דער בעטאָנדיל, גראָגרינלעך ווי פאַרשטאָרבענער וואַלד־מאָך, ווו ס׳פאַלט קיין מאָל נישט די מינדסטע זונשטראַליקייט. פאַר וואָס האָב איך זיך דעמאָלט אַראָפּגעבויגן צו אים און מיט די פינגער אָנגערירט דעם טויטן בעטאָנדיל? ער איז געווען אַזוי פּראָסטיק־פאַרשטיינט אין זיין קאָליריקער וואַלדמאָך־טויטקייט — כאָטש אין דרויסן, פאַרן באַראַק, איז נאָך געהאָנגען די לעצטע, וואַרעמע אלול־לופט. אין סאַמע מיט פון באַראַק, דורך דער גאַנצער לענג, ציט זיך די פלאַכע פאַרטיפונג פאַרן אַראָפּפליסנדיקן וואַסער, וואָס וועט דאָ פאַוואַליע אַראָפּשטראָמען פון ביידע דילזייטן. דאָס וועט געשען ערשט דעמאָלט, בעת די הויכע שוואַרץ־בלעכענע עמערס וועלן ווערן דורך אונדז אויסגעליידיקט איבערן נאַקעטן בעטאָנדיל. נאָכן אַהערלויפן פון דער באַנראַמפּע האָט מען די עמערס לחלוטין נישט געזען. ווו זענען זיי געווען, די הויכע וואַסער־עמערס, בעת די פינצטערניש האָט אונדז אַהער געפירט צום פּראָסטיק־פאַרשטיינטן דיל דורך די שמאָלע זאַמדסטעזשקעס צווישן די געהילץ־באַראַקן? קיינער האָט נישט געוווסט ווו זיי ליגן — די דאָזיקע סודותדיקע וואַסער־עמערס. איצט ווייס איך שוין: זיי ליגן גרייטע הינטער דער צפונדיקער באַראַקן־

וואַנט. אינעם וויגנדיקן שאָטן, ווו ס׳שטייען די הויכע פּוילישע לאָנקע־גראָזן, ליגן זיי אָנגעגרייט. ווי אַזוי איז עס געשען אַז מע האָט זיי לחלוטין נישט אַרויסגעזען פונעם שפּראָצנדיקן אלול־גראָז? זיי זענען געלעגן אַזוי נאָענט אויסגעשטרעקט צו דער ערד, די שוואַרצע עמערס, גראָד ווי די קליינע געפאַלענע קינדער־גופים, וואָס זענען געבליבן ליגן לעבן דער באַנראַמפּע אין זייערע פאַרוויקלטע שוואַרצע ייִדישע מלבושים. פאַר וואָס קאָן איך זיי נישט איצט פאַרטרייבן פון מיין פנים — די אַ געפאַלענע, בלעכענע, שוואַרצע עמערס פונעם הויכן לאָנקעגראָז? פאַר וואָס שפּראָצן זיי אַזוי דין־שאַרף פאַר מיין פנים — די אַלע גראָזן פון די פאַרבליבענע לאָנקעס, די אַלע קינדהייט־סעדער, פון וואַנען ס׳גייט אַזאַ געווירציקער אלול־נעפּל צו מיין פנים אויפן בירקענאַוער דיל?

ווי נאָר דער בעטאָנדיל איז געוואָרן פאַרוואָרפן מיט אונדזערע שלאָפנדיקע גופים, האָט זיך פאַוואָליע געעפנט די ברייטע אייזערנע באַראַקן־טיר מיט אַ גלאָזיק־צעבראָכענעם שלוכץ. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ טירנשלוכץ פון אַלט אויסגעגאַנגען אייזן. דאָס איז אַוודאי געווען דער אָפּגעהאַקטער כליפּ פון יענער גריל, וואָס איז מיט מיר מיטגעלאָפן פון דער ראַמפּע מיטנגאַכט און וויל זיך מיט מיר נישט שיידן. דאָס איז נאָך אַוודאי יענע געטאָגריל, וואָס האָט זיך באַזעצט אינעם וואַגאָן־פענצטערל, פון וואַנען ס׳איז צו אונדז אַ גאַנצע נאַכט געגאַנגען דער שוואַרצער אלול־ווינט. איצט, ווי נאָר דער גרילכליפּ איז פאַרשוווּנדן, זענען זיי ביידע אַריין אויף די שפּיץ פינגער. פאַווליטשעק און דער קאַנאַדער. אין זייערע הענט האָבן זיך געוויגט צוויי הויכע שוואַרצע עמערס מיט וואַסער. זיי זענען געבליבן שטיין אין סאַמע מיט פונעם דיל און לאַנג געקוקט אויף די פאַרקנוילטע שלאָפנדיקע גופים. פּלוצעם — האָבן זיי ביידע אַ שליידער געטאָן איבער אונדז די עמערס. דאָס קאַלטע בירקענאַוער נאַכט־וואַסער האָט אונדז אַרויסגעריסן פון דיל. איצט האָט איטלעכער געמוזט כאַפּן אַן עמער, כדי אים אָנצופילן מיט וואַסער. בלויז צוויי עמערס פאַרן גאַנצן באַראַק. פאַווליטשעק און דער קאַנאַדער זענען שוין געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר און זיך צוגעקוקט ווי די באַראַקמענטשן וואַרפן זיך אויף די צוויי ליידיקע עמערס.

די, וואָס וועלן בלייבן אָן אַן עמער, וועלן זיך שטעלן צו דער לינקער וואַנט, דאָרט, ווו ס'איז נישט פאַראַן אַזאַ נידעריק פענצטערל ווי אין דער קעגנאיבערדיקער רעכטער וואַנט. די לינקע וואַנט איז די, וואָס פירט שפּעטער צום באַהאַלטענעם בנין, הינטער די דאַרע בירקענאַווער ביימער.

איצט איז שוין נאָך אַלעמען. נאָכן נאַכט־געראַנגל איבער די ליידיקע עמערס אויפן בירקענאַווער דיל. קעגנאיבער, ביי דער רעכטער וואַנט, שטייען בלויז די צוויי, מיט די עמערס אין האַנט. זיי האָבןביידע קליינע, אויפגעריסענע פּנימער. די העמד־אַרבל — צעפליקטע, פון וואַנען ס'קוקן אַרויס זייערע רויטהאָריקע הענט. דאָס זענען זיי, די האָר, אַזוי רויט געוואָרן פון די צעריסענע ייִדישע פּנימער. און כאָטש ס'איז איצט בירקענאַווער נאַכט — זעען זייערע פּנימער אויס ווי פאַרגאָסן מיט אַ שקיעה־גלוטיקייט. בלויז זיי — די צוויי — זענען די זיגערס ביי דער רעכטער וואַנט. די וואַנט פון די זיגערס. די לינקע — זי געהערט צו אונדז, די באַזיגטע. צווישן די צוויי דאָרט און אונדז — לויפט דער נידע־ריקער דיל־שיפּוע, ווו ס'שטייט דאָס שוואַרצע, אויסגעגאָסענע וואַסער פון די צוויי ליידיקע עמערס. אַלע קוקן איצט אַריבער צו זיי — צו די זיגערס. דורכן איינציקן פענצטערל הינטער זיי פלאַטערט די בירקענאַווער נאַכט — אַ האַרבסטיקע, אַ קראַנק־פאַרכטיקע, אַן אָנווינטיקע. וואָס האַלטן זיי אַזוי געזונקען זייערע פּנימער — די צוויי זיגערס ביי דער וואַנט? צי זענען זייערע אויגנדעקלעך געוואָרן צו שווער פונעם בייגעקומענעם פּחד? צי זענען זייערע הענט אַזוי מאַכטלאָז פון פאַרשעמונג אַנטקעגן אונדז, די באַזיגטע? זייערע ביידנס אויגן קוקן אַריין אין די הויכע ליידיקע עמערס. וואָס אַזוינס זוכן זייערע בליקן אויף די דנאָען פון די עמערס, בעת ס'איז אין זיי שוין נישט פאַראַן קיין איינציקער וואַסער־טראָפּן?

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז דרינגט אַריין, ווי דורך אַ זיפּ, די ביר־קענאַווער פרימאָרגן־גראָקייט. דאָס איינציקע עלעקטרישע לעמפּל אונטערן באַראַקן־פולאָפּ ווערט בלייך און וויגט זיך איבער אונדז ווי אַ קליינע פויסט. דער קאַנאַדער האָט איצט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. די פויסט איז

געוואָרן ווייס־דורכזיכטיק. דער בעטאָנדיל האָט אָנגעהויבן צו בלאַנקען פונעם פריִער צעגאָסענעם וואַסער. אַ גרינלעך־גראָע פאַרביקייט גייט אויף פונעם גליטשיקן דילשטיין. איצט שטייען אויך זיי, דער קאַנאַדער און פּאַוולישעק, ביי דער קעגנאיבערדיקער וואַנט. זיי שטייען לעבן די צוויי זיגערס מיט די הויכע שוואַרצע עמערס. די צוויי מענטשן שטעלן אַוועק די עמערס לעבן דער וואַנט. זיי ליגן שוין איצט, די צוויי זיגערס, אויסגעשטרעקטע אויפן דיל. פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער —ביידע שטעלן זיך אויף די פּלייצעס פון די צוויי. די געפּאַלענע פּנימער פון די זיגערס זענען גאָר, גאָר נאָענט צום דיל. זיי וועלן מוזן מיט זייער צונג אויסטריקענען דעם דיל פונעם צעגאָסענעם וואַסער. שפּעטער וועלן זיי אויך מוזן אויסטרינקען דאָס וואַסער, וואָס שטייט אין דער גאַנצער לענג פון דיל־שיפּוע. פּאַווליטשעק שפּרינגט דערווייל איבער דער אויסגע־צויגענער פּלייצע ווי אויף אַ זאַק. ער וויל, אַז מיר זאָלן אַלע זען ווי אַזוי ער באַשטראָפט. און פאַר וואָס? פּאַווליטשעק הייבט זיך אויף מיט זיינע שפּיץ פינגער. ער שרייט צו אונדז אַריבער:

— דאָ, אין בירקענאַו, מוז זיין ברודערשאַפט!.. קאַמעראַדשאַפט!.. צי דאַרף איין ייִד דעם צווייטן אַרויסרייסן דעם עמער? יאָ אָדער ניין?..

די לינקע וואַנט שווייגט. ביי דער רעכטער — שרייט בלויז דער קאַנאַדער צו אונדז. ווי לאַנג דויערט דאָס אַלץ? ביז אינעם פענצטערל זיצט אַ צעשפּאָלטענע די קראַנקע בירקענאַוער אלול־זון. ס'ווערט גראָער און ליכטיקער. שפּעטער — פאַרן אַפּעל — וועלן שוין די עמערס שטיין ביי דער וואַנט, בעת די צוויי וועלן אַלץ נאָך ליגן מיט די פּנימער איבער דעם דיל־שיפּוע. זיי וועלן אַריינציִען אין זיך די שוואַרצע פליסיקייט פונעם באַראַקן־דיל. דערנאָך וועט פּאַווליטשעק אַריבערוואַרפן ביידע לײדיקע עמערס צו אונדזער וואַנט. צו דער וואַנט פון די באַזיגטע. און איך וועל שטיל ווייִנען מיטן פּנים אויף דער וואַנט. אויף דער וואַנט פון די באַזיגטע.

*

הויך און בלייך זענען די באַראַקן־ווענט. בעת איך קוק לאַנג אין זיי אַריין — ווערן זיי געוועלבטע, שיינע פעלדוואָלקנס, וואָס שווימען

אַוועק צו אַ פּאַרזיגלטן האָריזאָנט. די פּריטשעס זענען נאָך נישטאָ. מאָרגן דאַרפֿן זיי אָנקומען — די אַ אָפֿענע טויטן־אָרונס פֿון אַ צווייטן אויסגעליידיקטן באַראַק. איך ליג נישט ווייט לעבן דער וואַנט פֿון די באַזיגטע. פֿון דאַנען זע איך ווי ס׳שטייט, אין סאַמע צפֿון־ווינקל, דער אויסטערלישער ליימאויוון. ער איז אַזאַ ווי אין די הוצולן־כאַטעס אין די בערג. אַז ס׳וועלן אָנקומען די פּריטשעס — וועט מען דעמאָלט דעם ליימאויוון שוין מער נישט זען. אַלע באַראַקן ווערן ביסלעכווייז דאָ אויסגעליידיקט. וואָהין פֿאַרשווינדן די מענטשן, די עמערס, די שוואַרצע גריל פֿון הינטער דער ברייטער, אייזערנער טיר? דער חלל לעבן ליימ־אויוון איז אָנגעוואַרעמט פֿון ברענענדיקן געהילץ. פֿון דאָרט ציט די לופֿט אַהער אַ געווירציקע פֿון געבראָטן ברויט, קאַרטאָפֿל און פֿלייש. הינטערן ליימאויוון האָבן זייערע אויפֿגעשטעלטע פּריטשעס בלויז די צוויי — פּאָווליטשעק און דער קאַנאַדער. זיי זענען פֿאַרהאַנגען, די פּריטשעס, אויך דער ליימאויוון, מיט שווערע וואַטענע קאָלדרעס. ביידע שטייען זיי אַוודאי דאָרט האַלב־נאַקעטע ביים ליימאויוון. זיי קוקן צו אונדז אַהער דורך אַ שפּאַרע אין די וואַטענע קאָלדרעס. פֿון דאָרט קאָנען זיי אויך זען דעם פֿינצטערן אַפּעל־פּלאַץ. אַ בלאָלעכער חלל פֿון ערשטער הימל־בלאָקייט פֿרישעט איבערן אַפּעלפּלאַץ, וואָס איז נאָך ליידיק. באַלד, באַלד וועט ער ווערן איבערפֿול. מיט אַלע געקומענע פֿון דער נידעריקער באַנראַמפּע הינטערן באַרג. ס׳איז ערשט דער דריטער טאָגאויפֿשפּראָץ אויפֿן בירקענאַוער דיל.

ווער האָט עס פּלוצעם אָנגעצונדן אין דער וואָלקנדיקער בלאָער וואַנטטיפֿעניש אַ מעשן שבת־לייכטערל מיט אַזאַ קרום־פֿאַרבויגן פּיסל? אַ קליין פֿלעמל גייט אַרויס פֿונעם לייכטערל. פֿונעם ליכט, וואָס צאַנקט בלייך־ראָזיק, ווערט די וואָלקנוואַנט איבער מיר קאַשטאַנרויט. אַט בייגט זי זיך, די וואַנט מיטן מעשן־לייכטערל, אַראָפּ ביז צו מיין קאָפּ. אויך דער בעטאַנדיל לעבן מיר ווערט טונקל־ראָזיק, פֿאַרגאָסן ווי מיט וויין. אפֿשר איז היינט שבת? וואָסער טאָג איז עס געווען, בעת כ׳בין געלאָפֿן פֿון דער ראַמפּע? צי איז עס געווען טאָג אָדער נאַכט? שוין ווידער דער נישט־ערדישער געשפּין פֿאַר מיינע אויגן, וואָס ווילן אַפֿילו נישט אויפֿ־

הייבן די אויגנדעקלעך. פאַר וואָס זענען זיי אַזוי גלייִק־שווער? אפשר מחמת דעם וואָס אויף זיי ליגט דער ריזיקער וואָלקן — די בלייכע וואַנט — מיטן אָנגעצונדענעם מעשענעם פּישוף־לייכטערל פון אונדזער שבת־קאָמאָד? ווי אַזוי קומט עס פּלוצעם אַהער דאָ, אינעם בירקענאַוער באַראַק? דאָס האָט אַוודאי בלויז דער וואַנטשאָטן איבער מיר אַרויסגעפּישופט עס מיטן ערשטן טאָגאויפשפּראָץ. אָט זענען אויך די ערשטע בירקענאַוער זונשטראַלן: בלייכע, קליינע, צעבראָכענע און שאָטנדיקע ווי אומרייפער שטרוי. דאָס האָבן זיי, די ערשטע ליכטפּלעקן, אַזוי אַוועק־געשטעלט אין דער וואַנטטיפענייש דאָס אָ שבת־לייכטערל פון אונדזער שטוב. איצט ווייס איך: נישט די פויסט פון פּאָוולישעקן האָט אָנגעצונדן דאָס לייכטערל איבער מיינע אויגן, בעת כ׳בין געפאַלן איבערן ליידיקן שוואַרצן עמער. אויך נישט די פויסט פון קאַנאַדער, בעת זיי ביידע האָבן מיך געשלעפּט אַ באָרוועסן איבערן בעטאָנדיל. דאָס האָט בלויז אַ בירקענאַוער ערשטער שטראַל מיך איצט איבערגעוועקט, כדי כ׳זאָל זען ס׳לעצטע מאָל דאָס מעשענע לייכטערל ברענען איבער מיינע אויפגעלאָפענע אויגן. אָ, ווי איינגעשרומפּן־דערשראָקן ווערט די וואַנט נאָך דעם ווי די אויגן ווערן פאַרדעקט מיט די פויסטן פון פּאָוולישעקן. צי וועט ער די פויסטן שוין קיין מאָל נישט אַראָפּנעמען פון מיין שטערן? — — —

וואָס איז געוואָרן מיט מיינע צוויי דיל־שכנים, מיטן טאַטן און זון, וואָס ליגן מיט מיר לעבן דער וואַנט פון די באַזיגטע? נאָכן אַהערלויפן זענען מיר נאָך אַלע דריי געלעגן אין סאַמע מיט פון דיל, דאָרט, פון וואַנען פּאָוולישעק האָט אין דער פינצטער צוגענומען פאַר זיך מיינע שיך. אַלע זענען שוין איצט אין באַראַק באָרוועס. קיינער טראָגט נישט די געטאָשיך. ווו זענען זיי פאַרשוווּנדן — די אַלע געטאָשיך פון די באַראַק־מענטשן? ווי נאָר זיי האָבן פון אונדז צוגענומען די שיך — האָבן אונדזערע נאַקעטע פּיאַטעס אַרויסגעהילכט פונעם דיל ווי דאָס פּליעסקען פון פיש אויפן זאַמד. אפשר זענען מיר שוין נישט געווען מער די לויפנדיקע פון דער ראַמפּע? אפשר זענען מיר שוין נישט געווען מער די מענטשן פון דער באַזיגטער וואַנט, און נישט פון דער גריל,

און אויך נישט פונעם בעטאַנדיל, נייערט בלויז אַרויסגעוואָרפענע צאַפּ־לענדיקע פיש אויף אַ שטייניקן, טויטן ים-ברעג?

אין דער פערטער בירקענאַוער דילנאַכט איז עס מיט מיר געשען — נאָך דעם ווי כ'בין געפאַלן פון ביידע פויסטן פּאַוולישעקס. ווי נאָר כ'בין געפאַלן — איז זי אַרויסגעגאַנגען צו מיר פון איר בעט. כ'האָב זי באַלד דערקענט. דאָס איז געווען די באָבע איטע־בינע. אַ לאַנג ווייס העמד האָט פאַרדעקט אירע נאַקעטע פּיאַטעס. זי איז געבליבן שטיין איבער מיר אויפן דיל אַ פאַרבויגענע און מיט די הענט צוגעהאַלטן די אָפענע העמדקאַנטן ביים האַלדז. כ'האָב געזען ווי דאָרט, ביים האַלדז, האָט געקלאַפּט אַ דיקער אָדער מיט די קלעפּ פון אַ לויפנדיק באַנראַד. איר קאָפּ האָט זי געהאַלטן געווענדט צום קעגנאיבערדיקן פענצטערל, בעת איר אָטעם איז געווען הייזעריק־שווער. פאַר וואָס האָט זי מיך אַזוי אָנגעקוקט פאַרגאַפּט, די באָבע איטע־בינע? כ'האָב געוווסט אַז זי איז שוין יאָרן קראַנק און זי וועט אַוודאי באַלד שטאַרבן. כ'האָב אָנגע־הויבן ערשט אַרויסצוגיין פון מיין טרויעריקער יינגלשאַפט. ווען איז דאָס אַלץ געווען? דאָס אַלץ איז געווען אויף יענער זייט פון באַרג, אויף יענער זייט פון בירקענאַוער באַנראַמפּע. אַ הימלדיקער שאָטן האָט ווי אַ פויגל אַרומגעקרייזט איבער מיין צעפלאַטערטער יינגלשאַפט. איצט צינדט זי אָן, די באָבע איטע־בינע, דאָס מעשענע לייכטערל אויף דער וואַנט. איצט ברענט עס שוין און וואַרפט זיין מעשן ליכט איבער מיר און אויך איבערן ווייסן העמד פון דער באָבען. ס'איז אַוודאי די אלול־צייט פאַר דער פאַציאַטקע. אויף די פירעקיקע שויבן ציטערן רעגן־טראָפּנס — גרויסע, רונדיקע, צעשפּאָלטענע. איצט רעדט צו מיר איר קול. פון וואַנען קומט דאָס ווילגאָטנע קול אויף אירע אַלטע ליפּן? ס'קומט פון דער בלאָלעכער באַראַקן־וואַנט און פונעם אָנגעצונדענעם מעשן לייכטערל.

— כ'גיי אַוודאי שטאַרבן... זעסט? כ'גיי אַוודאי שטאַרבן. האָב איך מיר אָנגעצונדן אַ לייכטערל. דערקענסט דאָס לייכטערל פון דער קאָמאָד?

כ'צי אויס צו איר מיין יינגלשע האַנט, כדי אָנצורירן אירע פינגער,

וואָס זענען פאַרשטעלט מיט די לאַנגע ווייסע העמדאַרבל. אַנשטאָט די פינגער האָב איך אָנגערירט איר העמד, וואָס איז געפאַלדעוועט און כראָפּעוואַטע. דאָס העמד בריט ווי אַ פּלעמל. כ׳האָב גיך צוריקגעכאַפּט מיין האַנט, בעת די באָבע איטע־בינע האָט די גאַנצע צייט צו מיר געשמייכלט מיט אַ ווייסן אָפּגעשטאָרבענעם שמייכל.

— כ׳גיי אַוודאי שטאַרבן... כ׳גיי אַוודאי שטאַרבן...

פלוצעם האָט זי אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף מיין האַלדז. אירע האַנטפלאַכן האָבן אויך געבריט. איבער מיין יינגליש גופל איז אַדורך אַ פייערדיק צוקן.

— האָסט שוין געמאָזלט?

ווער האָט עס גערעדט צו מיר? די געשטאַלט אינעם ווייסן לאַנגן העמד, צי עמעצער הינטער איר? אפשר האָט זיך איר געשטאַלט גע־שפּאָלטן אין צווייען?

— שטעלט אים אויף די פיס... דעם מוזולמאַן...

— האָסט שוין געמאָזלט?

— העי, גיט אים מיט נאָך אַן עמער וואַסער איבערן קאָפּ!

— האָפּ!..

— האָפּ!.. האָפּ!..

— איצט לייגט אים אַוועק אויפן דיל מיטן בויך!..

— ה־אָ־פּ!..

עמעצער נעמט־אַראָפּ גאָר פּאַוואָליע מיין באָבעס האַנט פון מיין האַלדז.

אָ, ווי לייכט און דורכזיכטיק איז אַ באַפרייטער האַלדז. דורכזיכטיק ווי אַ פלאַש און לייכט ווי אַ זאַנג. פלאַש. זאַנג. פלאַש. אויסטערליש ברי־ען די ווערטער איבער מיין אָפּגעדעקטן נאַקן אויפן דיל. ווידער פאַכען פאַר מיר די ווייסע העמדאַרבל פון דער קראַנקער באָבען איטע־בינען. אירע ליפּן, דינע, פאַרטריקנטע האַלצשפּענדלעך, עפענען זיך פלוצעם און פליסטערן:

— גייסט אַוודאי אויך שטאַרבן?.. אָ, ביידע וועלן מיר אַוודאי היינט שטאַרבן צוזאַמען. לעבן לייכטערל אויף דער וואַנט. זעץ זיך אַ ביסל אויפן בעטקאַנט. ביסט אַזוי בלייך.

כ׳פרווו זיך אַוועקזעצן אויפן בעטקאַנט. דאָס איז דאָס אַלטע היל־צערנע בעט פון מיין קראַנקער באָבען איטע־בינען. איך גליטש זיך אָבער אַראָפּ אויפן דיל — אויפן הילצערנעם קאַלטן פּאַציאַטקע־דיל.

עמעצער הינטער מיינע אויערן שרייט מיט אַ תחנונימדיק קול:

— שטיי אויף! שטיי אויף!

— אַנישט... גייסטו אין קוימען!

איך קוק זיך אום צו דער טיר. דאָרט שטייט דער באָבעס ליימענע הרובע. דער קוימען גייט אַרויס צום שינדלדאַך. אין דרויסן רייסט דער אלול־ווינט. אויך אַ רעגן פּאַלט. די באָבע פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים.

— גיט אים נאָך אַן עמער וואַסער. איבערן קאָפּ. שנעלער!..

די פלאַש אין מיין האַלדז ווערט אָנגעפילט מיט קאַלט וואַסער. מיינע ציין ציטערן: דין־דין. דין־דין. אַ שליטל פליט אַדורך פאַר דער פּאַציאַטקע.

— לאָזט אים שוין אָפּ!

— ער וועט אַוודאי שטאַרבן!

— ניין, ער עטעמט נאָך.

— זעט! אַ גליק אַז דיביידע זענען אַוועק.

— אפשר וועלן זיי צוריקקומען?

— פּאַווליטשעק איז שיכּור.

— אפשר וועט קומען בלויז דער קאַנאַדער?

כ׳בין איצט געשוווּמען צוזאַמען מיט דער באָבעס ווייס אויפגע־פּראַלט העמד. אויסטערלישע פּנימער האָבן מיך אַרומגערינגלט. פּלוצעם האָט זיך געעפנט דער וואָלקן אויף דער וואַנט. דער ליימאויוון איז פאַרשוווּנדן. בלויז די באָבע איטע־בינע, אַ קליינטשיקע, אַן איינגעקאָרט־שעטע, איז צו מיר אַראָפּגעגאַנגען פון דער וואַנט מיטן ברענענדיקן לייכטערל.

— וועסט נאָך מיר זאָגן קדיש, העי?

—אויך דער קאַנאַדער וועט נאָך אים זאָגן קדיש.

— ווער? דער קאַנאַדער?

— ער איז דאָך אַ ייִד, דער קאַנאַדער.

— און פּאַווליטשעק?

די באָבע האָט זיך צו מיר ווידער איינגעבויגן.

— פּאַוולישעק איז אונדזער מלאך־המוות.

— אָט גייען זיי ווידער...

— זאָג, ווילסט טאַקע גיין אין קוימען?

אַרום מיר איז געוואָרן שטייניק־שטיל. הינטער מיינע אויערן זוזשעט אַ הייסער ווינט. דאָס איז דער אָטעם פון אַ מענטש. אַ מענטש אויפן דיל האָט זיך איבער מיר אַריבערגעבויגן און מיר אונטערגעהאַלטן דעם לינקן אַקסל. אַ צווייטער מענטש האָט מיר געעפנט די אויגן. איצט איז אַלץ נאָך בלויז אַ רגע געווען שוואַרץ־נעפּלדיק. בלויז אַ רגע. דערנאָך — האָב איך שוין דערקענט אַלץ. מיינעביידע נאַכט־שכנים האָבן מיך אונ־טערגעהאַלטן ביי די אַקסלען. זיי האָבן מיך נישט געלאָזט צוריק פּאַלן צום דיל. ביי דער וואַנט, ווו ס'האָט געלויכטן דאָס מעשענע לייכטערל, שטייען זיי ביידע: פּאַוולישעק און דער קאַנאַדער. אין זייערע הענט הענגען די צוויי שוואַרצע הויכע עמערס.

ווידער שרייט עמעצער הינטער מיינע אויערן.

— זעץ זיך. שטאַרק זיך. אַנישט — וועלן זיי ווידער אָנהייבן.

— זיי גייען שוין ווידער אָנהייבן די באָד מיטן קיבל.

— עפן די אויגן!.. עפן... אַנישט — וועלן זיי דיך ווידער שלאָגן — און דערנאָך באַגיסן מיט די עמערס.

— ווער? — פליסטערט מיין אייבערשטע ליפּ.

— זעסט נישט ווער?

— זיי ביידע.

— פאַר וואָס?

— ווייל דו גייסט באָרוועס.

— אַלע גייען דאָך דאָ באָרוועס.

— נישט אַלע. בלויז די, וואָס וועלן מאָרגן ווערן מלאכים... כי... כי... כי...

ווידער פאַרזינק איך אין בעטאָנענעם דיל אונטער זיך.

דער באָבעס קול שעפּטשעט צו מיר וואַרעם און סודותדיק. זי רינגלט אַרום מיין האַלדז מיט אירע לאַנגע העמדאַרבל.

— גוטע מלאכים וועלן אַוודאי אונדז באַוויינען, ניין? דאָ, אויף מיין בעט, שוועבט תמיד אַרום מיין גוטער מלאך. אַז אַ מענטש שטאַרבט — וויינט זיין מלאך. וואָרעם יעדער מענטש האָט זיין מלאך אין הימל. זיין גוטן מלאך אין הימל.

— און אויף דער ערד, באָבע?

—אויף דער ערד האָט יעדער זיין מלאך־המוות. אַזוי ווי זיי... זעסט?

— עפן די אויגן. אָט גייען זיי שוין ווידער.

— די עמערס זענען ווידער פול.

— ער האָט ווידער געשלאָסן די אויגן.

— זיי וועלן אים דערהרגענען.

אין קאַלטן שוידער פאַלט אַ דינער שניי איבער די פאַציאַטקע־שייב־לעך, נישט ווייט פון איר הילצערן בעט. די באָבע איטע־בינע שטרעקט אויס אירע הענט שוין נישט צו מיר, נאָר צו די פאַציאַטקע־שייבלעך. זי ווייזט מיר דאָרט דעם דינעם פאַלנדיקן שניי, ווי ער נידערט אַראָפּ פּאַוואָליע איבער די פענצטער־פראַמוגעס. אַ בלאַלעכע שיין ציטערט פון דאָרט און פאַליעט ווי אַ דאַונענדיק אָוונט־וואַסער. מיין יינגלש פּנים ברענט פון די קאַלטע שניישטערן. דאָס איז מחמת דעם וואָס די באָבע האָט געעפנט אַ לופטשיקל. דורך אים פאַלן אַריין אויפן דיל די קליינע צערי־סענע שניישטערן. זי שאַרט צונויף אַ פולע פויסט מיט שניי און רייבט מיר איין דעם שטערן. פון מיין יינגלש־גליִענדיקן שטערן ווערט — אייז. עמעצער רייסט מיר אויף ס'העמד, בעת איך זינק אַראָפּ אין קאַלטן שניישווידער.

— זעסט, זיי האָבן דיך ווידער באַגאָסן.

— כ'האָב דיר געזאָגט זאָלסט זיך שטאַרקן.

— שטיי אויף!

— שטיי אויף אויב דו ווילסט לעבן...

— צי ווילסטו שטאַרבן?

לעבן. לעבן. שטאַרבן. שטאַרבן. שטאַרבן. עמעצער ציט מיך אַרויס ביי די הענט פונעם פאַרפרוירענעם טייך. די קאַלטע ווירבל־

וואַסערן לויפן מיר נאָך. דאָס זענען די הענט פון מיין באָבעס אויס־געשטרעקטע העמדאַרבל. איין האַנט אירע זעט אויס ווי אַ שופר, וואָס וועט באַלד בלאָזן אין דער שניישטילקייט. ער וועט אַזוי רופן אַלע טויטע, וואָס ווילן נאָך לעבן. פאַר וואָס ווילן אַזוי לעבן די שטאַרבנדיקע? פאַר וואָס האַלטן זיי מיך אַזוי געפאַנגען, די קאַלטע שטראָמען? פון זיי פליעסקען צו מיר אין אַ זילבערנעם כיכיקען אַלע פאַרכישופטע, קליינע וואַסער־דיבוקימלעך. אַלע האָבן זיי שיינע לאָקנפלאַנצן, געקרייזלטע און טונקל־גרינע אַרום זייערע פלאַטשיקע שטערנס. דער קאַנאַדער האָט אויך אַזאַ פלאַטשיקן שטערן. מסתם האָט ער קיין מאָל נישט געלייגט תפילין, דער קאַנאַדער. דער אַ אויסטערלישער ייִד, וואָס אַלע רופן אים: דער קאַנאַדער.

— זאָג אים, אַז דו האָסט געהאַט אַ תפילין־זעקעלע.

— און אויך אַ טלית, זאָג אים, האָסטו געהאַט. געברענגט פון דאָרטן.

— דאַרפסט האָבן אַניצעס, כדי נישט צו גיין באָרוועס.

— אַניצעס דאַרפסטו מאַכן פונעם טלית.

— ווו איז דיין טלית?

— האָסט נישט מיטגענומען קיין טלית? — פרעגט דאָס רויטע פּנים פון קאַנאַדער, וואָס הענגט איבער מיר און וואַרט אויף אַ תשובה. כ׳געדענק גאָרנישט. ווי אַזוי קום איך אַהער אויפן בירקענאַוער דיל? ווער זענען די מענטשן וואָס שטייען פון דער ווייטנס, אַריינגערוקט אין דער בלאָ־געקאַלכטער וואַנט? די וואַנט. די וואַנט. און די אויסטערלישע מענטשן מיט די אָפּגעגאָלטע קעפּ. די צוויי עמערס שטייען שוין ווידער פולע מיט שוואַרץ בירקענאַוער וואַסער. פּאַווליטשעק פאַרשאַרצט זיינע אַרבל.

— פאַר וואָס האָסטו איבערגעלאָזט דעם טלית אויף דער ראַמפּע, דו? אפשר אין וואַגאָן, וואָס? ווייסט נישט, אַז אַ ייִד טאָר נישט זיין אין בירקענאַו אָן אַ טלית?

די צוויי שוואַרצע עמערס שטייען לעבן מיר צוקאָפּנס. פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער בייגן זיך איבער זיי. זיי גרייטן זיך אויף ס׳ניי. אָבער דעמאָלט בין איך שוין נישט געווען אויפן דיל. די באָבע איטע־בינע

פירט מיך מיטן אָנגעצונדענעם לייכטערל דורך אַ גאָר נידעריקן שוואַרצן קאָרידאָר. און כאָטש דער בעליק און דער קאָרידאָר זענען נאַכטיק־שוואַרץ — טריפן פונעם פלעמל קליינע פאַרפרוירענע ליכטטראָפּנס. זיי פאַלן ווי אַ פייערדיקער האָגל און ווילן נישט אויפטייען אין דער פינצ־טערניש בעת מיר טרעטןביידע אינעם לאַנגן, אונטערערדישן קאָרידאָר.

איצט איז שוין ווידער בירקענאַוער נאַכט אויפן דיל. לעבן מיר ליגן אויך פאַרקנוילטע די צוויי. דער טאַטע מיטן זון. צי איז איצט טאַקע נאַכט? צי גייען די שאָטנס אַרויס פונעם בעטאָנדיל, צי פון דאָרט, ווו ס'שטייט דער ליימיקער הוצול־אויוון? כ'זע שוין אַלץ קלאָר. אַפילו די גראָע חלל־געשפּענסטיקייט פון באַראַק הענגט איבערן דיל ווי אַ נעץ. אין דרויסן פאַלט אַוודאי נאָך דער אלול־רעגן. אַ דריבנער, פחדימדיקער רעגן צום שטאַרבן. אַ רעגן פאַר די ווענט. פאַר די באַזיגטע און נישט־באַזיגטע. אַ רעגן פאַר מיין באָבעס פאַציאָטקע. אַ רעגן פאַר דער ליימיקער הרובע. און אויך פאַר די ייִנגלשע שאָטנס, וואָס קניִען אויפן דיל. אַז כ'וועל איבערלעבן וועל איך תמיד קושן דעם רעגן. אלול־צייט. און אויך דעם שאָטן. כ'וועל מסתם איבערלעבן — מחמת דעם געשטאָרבענעם רעגן. מחמת די שוואַרצע עמערס. מחמת דעם קברדיקן דיל. כ'וועל וויינען מיטן מעשענעם לייכטערל. מיט מיר וועלן לעבן אַלע, וואָס וועלן מער נישט זען דעם רעגן. נישט דעם עמער. נישט דעם שאָטן. זיי וועלן לעבן — און מער נישט האָבן קיין זכרון. זיי וועלן ווערן ווי אַ זונבלום, וואָס שיט פון זיך אַראָפּ אַלע אירע זונקערעלעך. אַליין, אַליין וויינט זי אונטערן הימל. זי וועט נישט האָבן קיין זכרון — נישט פון בליִעכץ און נישט פון וועלקן. נישט פון לעבן און נישט פון שטאַרבן. איך וועל שוין קיין מאָל נישט קענען שטאַרבן, וואָרעם כ'בין דעם דילס אייביקער זכרון. כ'שוועב ווי אַ רויטער זיגל איבערן באַראַק־חלל. אפשר בין איך שוין אַ באָרוועסער מלאך? און צו מיין נאַקעט פּנים קוקן זיי אַלע אַרויף, די פאַרלאָשענע פּנימער. פּנימער פון באָרוועסע מלאכים. פּנימער פון פאַרשטיינטן זכרון אויפן בירקענאַוער נאַכטדיל.

*

די פינפטע בירקענאַוער אלול־נאַכט גרייט צו פּאָר אונדז, די גע־טריבענע פון דער קליינער באַנראַמפּע, מער ווי דריי אַשמורות. אפשר פיר. אַלע זענען זיי, די אַשמורות, פלאַטערנדיק־גלאָזיק און אויך מילכיק־דורכזיכטיק ווי בייגעוודיקע אָראַנזשעריע־ווענט. זיי שטייען בלויז פּאַרגליי־ווערטער אַ רגע אין זייער אַשמורה־וואַנדערונג, ביז זיי וואַקסן אויס ביסלעכ־ווייז און ווערן דאַרע, איינגעקורטשעטע זונבלומען אין מיין שאָטנהאַפ־טיקן חלום.

תמיד קומט ער צו מיר, דער חלום־געשפּין, דאָ, אויפן צעמענטענעם שטיינדיל, צווישן דער צווייטער און דריטער אַשמורה. דעמאָלט, ווען די געפאַלענע זונבלומען זענען שוין טריב־טרויעריק און שטערן־שטויביק מיט נאַכט. פאַר וואָס זענען די בירקענאַוער אַשמורות אַזוי שטערנדיק־דורכזיכטיק אויפן כראָפּעוואַטן דיל ? מן הסתם קומט עס פון מיינע צוויי צעוווּנדיקטע, ווייכע שלייפן. נאָך פון דעמאָלט, בעת ביידע, דער קאַנאַ־דער און פאַווליטשעק, האָבן מיך באַגאָסן מיטן פראָסט־וואַסער פון די שוואַרצע, הויכע בירקענאַוער עמערס. איצט איז די פינפטע אלול־נאַכט — און געשען איז עס ערשט נעכטן. צווישן נעכטן און איצט גייען זיי אַלע אַדורך די פּאָרכטיקע אַשמורות.

נאָך זיי גייט נאָך דאָס אָנגעצונדענע שבת־לייכטערל. זינט דאָס מעשענע שבת־לייכטערל איז אַרויס פון דער קעגנאיבערדיקער באַראַקן־וואַנט — הענגט מיין פּנים תמיד דאָרט אין דער וואַנטנישע. איך ווער אַליין אַ טייל פון דער טונקעלער וואַנט־פּאַרטיפונג. ווי פּאָרכטיק־שיין און רחמימדיק־מילד ברענט עס שפּעטער מיר צוקאָפּנס אויפן צעמענטע־נעם דיל. וואָס וועט זיין ווען ס׳וועלן אָנקומען די הילצערנע פּריטשעס און מען וועט דעמאָלט מער נישט ליגן ביי נאַכט אויפן דילשטיין ? ווו וועט פאַרשווינדן דאָס שיינע, מעשענע שבת־לייכטערל ? איבער די הילצערנע פּריטשעס וועלן מסתמא מער נישט אַרומפלאַטערן די גלאָזיק־נאַכטיקע אָראַנזשעריע־ווענט. צי וועלן זיי מער נישט ברענגען צו מיר דעם אַשמורה־חלום, וואָס בלויז דער געשטאָרבענער בעטאָנדיל האַלט אים תמיד געפאַנגען ?

יעדער חלום־געשפּין איז דאָ געפאַנגען פונעם אומדורכזיכטיקן טויט.

צי איז דער טויט דער איינציקער אַשמורהדיקער ליכט־חלום אינעם נאַכט־חשכות? ער בליט, דער חלום, בלויז אויפֿן אויסגעלאַשענעם שטיין אין דער בירקענאַוער פֿאַרטריבנקייט. ווער וועט אַוועקנעמען די גלאַזיקע, ציטערנדיקע ווענט פֿון די אַשמורות? אפֿשר בלויז זיי — די נייע האַלצ־פּריטשעס, די ווייס־געטעסעטע טויטן־אַרונס, וואָס דאַרפֿן מאָרגן אָנקומען.

זיי אַלע, די האַלץ־אַרונס, קומען פֿון די געפֿאַלענע ביימער. פֿון די פֿאַרשטאָרבענע בירקענאַוער וועלדלעך. דאָרט ווו ס׳קיניגט אין גרינער דעמערונג דער פֿליושענער וואַלדמאַך. דאָס פֿאַרשטאָרבענע ביימער־געהילץ וועט ווידער דאָ ליגן אונטערן ביינערדיקן גוף. ס׳וועט אויך אַרומנעמען אונדז ביי די זייטן מיט זיין זיסן, פֿאַרבאָרגענעם, טוכלען שאָטן. מן־הסתם וועט אויך מיט די פּריטשעס אָנקומען דער פֿליושענער מאַכשאָרך. אויך דער פֿאַרשווונדענער דינער פֿליגל־געפֿלאַטער פֿון זיי — פֿון די ראַכי־טישע, שפּיציקע, אויסטערלישע בירקענאַוער פֿייגל. אויך דער וואַלדווינט וועט אַוודאי קיל און שטום אַרויסזוזשען פֿון די געהילץ־ווענטלעך. לכתחילה וועט ער הייס פֿליסטערן, דערנאָך צעבראָכן שלוכצן און אומ־טרייסטלעך־שטום העשען איבער די באָרוועסע פֿיס, דורך אַלע דריי אַשמורות אינעם חלום.

דער הוצולער ליימאַויוון אין באַראַק איז שוין לאַנג קיל. אַוודאי נאָך פֿון דער ערשטער אַשמורה אָן. ער קוקט אַהער צו אונדז, דער ליימ־אויוון, פֿון דער דראָענדיקער, נידעריקער פֿינצטערניש. ער איז זייער פֿלאַך. אַ שוואַרצער, שווימענדיקער שיפֿדעק. אפֿשר גאָר אַ פֿאַרשלאָסענער קיניגלעכער סאַרקאָפֿאַג. ווו איז איצט די שווערע אייזערנע באַראַקן־טיר און ווו דאָס פֿאַרקראַטעוועטע הויכע פֿענצטערל? ווי גיך זיי פֿאַרשווינדן בעת דער בירקענאַוער שלאָפֿלאָזיקייט — אַלע פֿאַרצוימונגען און די פֿאַרמויערטע פֿענצטער־פּראָמוגעס. אויך די פֿענצטער־קראַטעס ווערן שוועבנדיקע ווייכע שאָטנס אויף אַ וואַסער. דאָס פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצ־טערל ווערט אַן אָפֿן, הויך שוואַרץ טויער, בעת דאָס אמתע אייזערנע גרויסע טויער הינטערן ליימאַויוון ווערט איינגעשרומפּן און קליין.

דאָס אויפֿגעהויבענע, הימלדיקע תּפֿיסה־פֿענצטערל אין דער וואַנט

עפנט זיך. די קראַטע־שאָטנס — צעפּליסן זיך. איצט קומען זיי אַלע אַהער צו מיר: די פּנימער. קליינע און זילבערדיק־לייכטנדיקע. פּנימער גרויסע ווי אַרבוזן און אַשיק־שאָטנדיקע מיטן שימער פון פּאַספּאַר. אַלע פּנימער, וואָס זענען געווען מיט אונדז אין וואַגאָן. און אין סאַמע מיטן פון די שאָטנדיקע געזיכטער ברענען בלויז זיי — די צוויי קרייזנדיקע שוואַרצאַפּלען. זיי זענען געצונדן און גליִיק־צעפלאַקערט. דאָס פייער איז אַוודאי געקומען צו זיי פונעם הוצולער ליימאויוון. בעת ער האָט געהאַלטן ביים אויסגיין און שטאַרבן. יעדע נאַכט שטאַרבט ער מיט זיינע לעצטע, לעשנדיקע פונקען פאַר דער צווייטער אַשמורה. צי אַ הוצולער ליימאויוון אין בירקענאַו קען אויך שטאַרבן פאַר דער צייט? אויף דער ערד שטאַרבט אַלץ פאַר דער צייט. און די צייט אַליין שטאַרבט קיין מאָל נישט. אין הויכע קאַלטע קרוגן גיסט זיך אַריין דער טערפּקער ווייַן פון גאָטס צייט. פאַר יעדן שטייט צוקאָפּנס איצט אַזאַ הויכער, דורכזיכ־טיקער קרוג אָנגעפילט מיט צייט. ביז דער קרוג צעפּאַלט זיך און גיסט אַריין זיין פלייצנדיק ווייַן־אינגעווייד אין גאָטס אייביקן אוקיונוס־בעקן.

אַלע בירקענאַוער ליימאויוונס צעפּליסן בעתן טאָגאויפשפּראָץ נאָך דער לעצטער אַשמורה. דאָרט, אינעם אויוון, האָבן פריִער געברענט די דינע בזשאָזע־צווייגלעך, וואָס מיר האָבן געקליבן אַ גאַנצן טאָג אין די שוין פאַרשטאַרבענע וועלדלעך. פון די וועלדלעך וועלן אַוודאי צו אונדז קומען די נייע האַלצפּריטשעס. דערוויל ליגן מיר נאָך אַלע אויפן צעמענ־טענעם דיל. באַרוועסע, אַרומגעהילטע בלויז מיט די שטייניק־שווערע אַסירים־רעקלעך. זיי זענען אַזוי שווער, די רעקלעך, פון די באַמאָלטע, רויטע קרייצפּאַסן אין סאַמע מיט פון דער פּלייצע. אַ גרויסער רויטער צלם ליגט שווער אויפן חוט־השדרה. בעת כ'האָב דעם ערשטן טאָג אים אַרויפגעצויגן אויף זיך, נאָך דעם ווי זיי האָבן ביי דער ראַמפּע פון מיר אַראָפּגעריסן דאָס געטאָ־רעקל מיטן אויסגענייטן מגן־דוד־שטערן — דע־מאָלט האָט דער צלם אויף מיין פּלייצע וועלפּיש און רויט צו מיר געלאַכט. אַלע צלמים פון די גרויסע און פון די קליינע קלויסטערלעך האָבן דעמאָלט געלאַכט. צווישן זייערע הויכע מאַרמאָרווענט זענען נאָך געלעגן די ייִדן־מנינים. פאַרהעמערטע. זיי האָבן זייער בליק נישט געטראָגן

צו דער הויכקייט. נישט צו די קופּאָלן, נישט צום הימל. זינט די רויטע אַסירים־קרייצן הענגען איבער אונדזער חוט־השדרה — הייבן זיך אויך נישט קיין מאָל מער די אויגן צום הימל. יעדע נאַכט לאָכט צו מיר דער רויטער צלם פונעם בירקענאַוער דיל־חלום. ער יאָגט מיך אַרויס פונעם שטייניקן חלום — ביז ער פאַרטרייבט מיך צוריק אין מיין ייִנגלשאַפט. צום ייִדישן געסל מיטן גרויסן הילצערנעם צלם.

ער איז דאָרט, אינעם געסל, פאַרדעקט מיט אַ סך טויט גרינס און מיט רויכנדיקע ווייערד־קאַניצלעך. קאָליריקע לאַמפּיאָן־לעמפּלעך. די מאַמע לאָזט מיך קיין מאָל נישט פאַרבייגיין לעבן צלם. זי פירט מיך תמיד דורך אַ זייטיק געסל. צו יאַנטשען אין חדר. זי וויל נישט כ׳זאָל אַרויפקוקן צום הילצערנעם, הויכן צלם. אויך נישט צו די שיינע ווייערד־קאַניצלעך, וואָס טשאַדען אַזוי זיס, שוואַרץ־שדיש, צווישן די ייִדישע איינגעהויקערטע הייזלעך. יאַנטשע טראָגט אייביק זיין שווערע וואָלענע פּאַטשיילע אַרום האַלדז. סיי זומער, סיי ווינטער. זיין באָרד איז פאַר־באַהאַלטן אונטער דער פּאַטשיילע ווי אַ שופר. טייל מאָל נעמט ער די באָרד אַרויס, צעשפּרייט זי איבער די האַנטפלאַכן. דערנאָך בלאָזט ער פון דאָרט אַרויס די ברויט־קרישקעלעך. דעמאָלט דאַכט זיך מיר אַז ער בלאָזט אַזוי אַריין אינעם גרויסן שופר. באַלד וועט זיך לאָזן הערן אַ דין און זילבערדיק שופר־קול. ער וויל אַוודאי מבשר זיין דאָס קומען פון משיח. יאַנטשע האָט אַ קיילעכדיק, גיפּסיק־ווייס פּנים. ס׳איז אין גאַנצן איינגערעמט אין זיין רויטער באָרד פון ביידע זייטן. יעדע נאַכט ברענט איצט יאַנטשעס באָרד קעגנאיבער מיר אין בירקענאַוער הוצול־אויוון. זי ברענט דאָרט צוזאַמען מיטן שופר, וואָס האָט צעבלאָזן די בשורה פון משיח. אויך איצט ברענט דאָרט די באָרד. פּאַוולישעק שפּילט אויף אַ האַרמאָשקע. דער קאַנאַדער קאָכט זיך אין אַ בלעכערנער פּושקע זיין נאַכטגעקעכטס. שאַרפע, געווירציקע ריחות וויקלען אַרום די קלאַנגען פון פּאַוולישעקס האַרמאָשקע. די קלאַנגען מאַכן דורכזיכטיק מיין דיל־חלום. דורכזיכטיקער, דינער טייכאייז, וואָס ווייזט אַ טיפן גרינעם אָפּגרונט.

— ר׳ יאַנטשע...

— ווער קלאַפּט עס אין לאָדן אין אַזאַ פראָסט?

— כ׳האָב אייך געבראַכט מיין יורש... געוועז קאַניינעהאָרע גרויסע שנייען...

יאַנטשע ריגלט אויף די שווערע דורכזיכטיקע טיר.

— גרויסע שנייען? וועמענס שנייען זענען עס? נישט מיינע, נישט דיינע. גאָט ברוך־הואס. אַלע שנייען זענען גאָט ברוך־הואס. כ׳לעבן, דיין יורש איז נישט פון זרע אברהם? אַברהמס קינדער שרעקן זיך נישט פאַר הויכע שנייען. נישט פאַר פרעסט. און אויך נישט פאַרן צלם...

— פאַר וואָסערן צלם, ר׳ יאַנטשע?

אויפן שטיינדיל ווערט פלוצעם מיין אַסירים־רעקל פוכיק־לייכט און וואַרעם. פון הינטער מיין חוט־השדרה שווימט אַרויס פון חלום דער רויט־באַמאַלטער צלם פון אַסירים־רעקל. ער שוועבט אין חלל ביז ער בלייבט שטיין גראָד לעבן פלאַכן ליימיקן הוצול־אויוון.

אַ פייערזייל לייכט צו מיר אַהער. פון יאַנטשעס באָרד און אויס־געקרימטן, טליִענדיקן שופר.

ווידער ציטערט איבער מיר דער מאַמעס תחינהדיק שעפטשען:

— כ׳וויל אייך עפּעס בעטן, יאַנטשע־קרוין...

ר׳ יאַנטשע בייגט איין זיין פנים צו דער מאַמען און אויך איבערן סידור. זיינע אויגן קוקן אַראָפּ אין דער סידור־טיפעניש. זיי זענען אויך גאָר נאָענט צו מיין פנים. כ׳זע אַפילו אין זיי די שיינע, טונקעלע אָפּשפּיג־לונג־ פון די קרומע, שוואַרצע סידור־אותיות. זיי זענען אַלע אַזוי אויס־טערליש־גרויסע, געקרוינטע, באַפליגלטע און נידעריק־געפאַלענע, מיטן שאָטן פון צעבראָקלטע זשווירשטיינדלעך. איצט לייכט שוין אַרויס פון דאָרט דער מאַמעס רחמימדיק פנים. אירע צעאַקערטע שטערן־ברוזדעס ווערן אויסגעגלעט. וועמענס הענט פאַרגלעטן מיין מאַמעס צעאַקערטן שטערן? אוי, מאַמע, מאַמע. דער בעטאָנדיל איז אַזוי טיף־פראָסטיק און אלולדיק קאַלט. בלויז ער — דער רויטער צלם אונטער מיין חוט־השדרה גליט, גליט, גליט.

ר׳ יאַנטשע וויקלט אָפּ זיין דיקע פּאַטשיילע פון האַלדז.

— ס׳איז דאָך שוין אלול... הלמאַי טראָגט ער נישט אַ וואָטן שפּענ־צערל? דוכט זיך, אַז ער האָט אַ ביסל וואַרעמקייט...

— ר׳ יאַנטשע... כ׳בין אייך געקומען טאָקע בעטן... דעם חודש — ניסט... מערטשישעם דעם צווייטן... צוזאַמען... כ׳דאַרף אים טאַקע קויפן אַ וואַטן שפּענצערל...

בעת די מאַמע זאָגט: זי דאַרף מיר קויפן אַ וואַטן שפּענצערל — שפּאַלט זיך דער נאַכט־חלום אויף אַ רגע. בלויז אויף אַ רגע, כדי ס׳זאָלן מיך באַלד ווידער נאָכיאָגן זיינע ווייסע צעפלאָשעטע הירשן. אַלע ברעקלעך פון די איבערגעריסענע חזיונות לויפן מיר תמיד נאָך אין שלאָף. אַלע ווערן זיי אין געלאָף בהלהדיקע הירשן. טייל מאָל זענען עס נישט קיין הירשן, נאָר גאַלאָפּירנדיקע פערד מיט אויפגעהויבענע, שיינע אומרויִקע העלדזער. איצט זענען בלויז געקומען די שטומע ווייסע הירשן. די פינצטערניש איז געוואָרן איינגעשרומפּן־קליין. דורכזיכטיק ווי אַ פלאַש. איך מוז אַוודאי האָבן הויכע היץ. די שלייפן גליִען. זיי קלאַפּן אין מיר ווי אונדזער קראַנקער וואַנטזייגער אין דער היים: קליפּ־קלאַפּ... קליפּ־קלאַפּ... אפשר וועלן זיי זיך באַלד אָפּשטעלן — די שלייפן? דאָרט הויזט גאַטס פאַרבאָרגענער, הייליקער בלאָזזאַק. און אַז דאָס בלאָזזעקל וועט שטיין בלייבן, וועל איך מער נישט הערן זיין קליפּ־קלאַפּ... קליפּ־קלאַפּ... דער ליימיקער הוצול־אויוון איז איצט געוואָרן פּלוצעם זייער הויך. ווי אַ טורעם. די פינצטערניש האָט אים אויפגעהויבן ביז צום משופּעדיקן באַראָקן־דאַך. דאָרט נעסטיקן די קליינע, הונגעריקע נאַכט־פייגל. דאָס זענען אַוודאי די בירקענאַוער פלעדערמייז. ווייסע הירשן לויפן שוין ווידער גאָר נאָענט לעבן מיינע באָרוועסע פיאַטעס. ר׳ יאַנטשע בייגט אַוועק דעם קאָפּ. צוזאַמען מיט דער מאַמען גייען זיי ביידע פּאַוואָליע צום שפּאַנישן ווענטל לעבן באַלעמער. דאָרט שטייט דער קליינער, הילצערנער אָרון־קודש מיטן ספר. נאָך דער גרויסער שׂרפה האָבן די באַלעגאַלעס געהייסן שרייבן דאָס ספר. ר׳ יאַנטשעס קול פּלאָנטערט צו מיר אַהער פון באַלעמער:

— דער אָרון האָט שיין האָלץ... ס׳טייערסטע... אַ ריח גן־עדן גייט פון אים... אַ הייליקער זכות פאַרן האָלץ צו ווערן אַן אָרון־קודש... נישט יעדער בוים איז זוכה...

— און אַ... אַ צלם, ר׳ יאַנטשע, איז אויך פון זעלבן האָלץ?... —

לאכט אַרויס פון הינטערן ליימאויוון דער קאַנאַדער.

די מאַמע טרעט נישט אָפּ פון ר׳ יאַנטשען לעבן באַלעמער.

— ער איז נישט געהובלט, דער אָרון?

— נישט געהובלט?.. און אַ שיינער בוים אין וואַלד איז יאָ געהובלט? און אַ מענטש איז יאָ געהובלט?.. בלויז אַ צלם איז געהובלט... פּאַוור־ליטשעקס צלם... און להבדיל — אויך אַ טהרה־ברעט...

— כ׳מיין, ר׳ יאַנטשע, אַז ווען מ׳הובלט אַ ביסל צו...

— חלילה... וואָס איז עס אַ פּריטשע?.. מאַרגן דאַרפן שוין אָנקומען די פּריטשעס — וועט ער נישט דאַרפן מער קיין שפּענצערל...

*

ביסלעכווייז לעשט זיך מיין דיל־חלום אין ווילדן געלאַף פון די ווייסע, צעפלאָשעטע הירשן. אַלע ווערן זיי פּלוצעם נעלם. איך מוז שוין אַוודאי האָבן די אויגן אָפּענע. און אפשר נישט. דער ליימענער הוצול־אויוון וואַרפט פון זיך אַרויס אַ כוואַליע רויטע פונקען. ברענענדיקע פּאַטשער־קעס. אַנומלט... ווען איז דאָס געווען? אין די בלאָ־פאַרשנייטע יינגלשע יאָרן. די צייט איז געווען דעמאָלט אַ שיינער, פאַלנדיקער שניי. ער איז קיין מאָל נישט צעגאַנגען, דער שניי, אין דער יינגלשאַפט. די געסל־דעכלעך, נידעריקע, תפילהדיקע האָבן אַזוי גילדיק געברענט. אַרויפגע־זעצטע קרוינען. ער איז געלעגן, דער שניי, אַרום די פּאַציאַטקע־פּענצ־טערלעך גאָר נידעריק ביי די שויבן — אַזאַ ווייסלעכער, קרישטאַליקער וואַרעמער אָרעם אָן בלוט. אָן אָדערן. די צייט האָט אויך נישט געהאַט דעמאָלט קיין אָדערן, ווי דער שנייִיקער אָרעם. דאָס האָבן זיי, די הימ־לישע מרחקים, צוגעגרייט פּאַר מיר אין מיין יינגלשאַפט די ראָזעווע הירשנטריט. און בעת ס׳נידערט אַראָפּ דער ראַזיקער ווינט פונעם הימל־געוועלב, ווערט דער קרישטאַליקער שנייאָרעם ביי דער פּאַציאַטקע אַזוי דורכזיכטיק ווי אָנגעשטעלטער שבת־וויין. צייט. שניי. וויין. וויין נישט, טריב יינגעלע. פליס נישט, זילבערדיק טרערעלע. זוזשע נישט אַזוי מיט טויט, הייליק בלאָזזעקל. אַזוי פרעפּלען דיינע דינע, ווייכע ליפּן, בעת ס׳פּאַלט דעמאָלט דער יינגלשער שניי. אַלץ גיסט זיך אַריין דעמאָלט אין

אַ ימיק־גרינער פלאַש. און די פלאַש קילט מיינע ייִנגלשע שלייפן. איצט שווימט זי שוין לעבן מיר, די פלאַש, ווי אַ לאַנגער טונקעלער פיש. ער בלייבט ליגן גראָדביים סאַמע מיטן האַרץ. אַ געפאַלענער גרינער מאַסט, וואָס איז געשלאָגן געוואָרן פון אַ נאַכטבליץ.

דאָס איז פון אים. דאָס איז ער — מיין דיל־שכן. ער שעפטשעט מיר הייזעריק הינטערן אויער. מיט אים און מיטן זון האָבן מיר נעכטן געגראָבן די פלאַכע ריוון אויפן בירקענאַוער באַרג. דאָרט, ווו ס'הייבן זיך צום הימל די בזשאָזעס אָן שאָטן. דריי זענען מיר אַראָפּ באָרוועסע פון באַרג — ביז צום באַראַק. דער וועג איז פאַרוואָרפן מיט אויסגעגאַנגענע, צעבראָכענע צווייגלעך. צווישן זייערע קליינע בלעטער טליִעט נאָך די שאָטנדיקע גרינע קאָליריקייט. זי, די קאָליריקייט, וועט אַוודאי אויך באַלד אויסגיין צווישן די גוססדיקע קוסטע־וואָרצלען. אַלע, אַלע בלעטער פון גאָטס פאַרשעמטע, געבוקטע קוסטעס זענען שאָטנלאָז, אַזוי ווי די ביימער אין בירקענאַוער חלום.

— נאַ... מאַך פון דעם אַניצעס...

— אַניצעס?

— אַניצעס. געדענקסט וואָס פּאַווליטשעק האָט געזאָגט? דאָ טאָר מען נישט גיין באָרוועס... מאַך דיר אַ פּאָר אַניצעס... פון דער רעשט — אַ הענטשקע אָן פינגער... אַזוי ווי אַ זאָק... וועט דיר זיין וואַרעם אין די פינגער...

איצט זעט מען שוין נישט קיין שום זאַמדשפּורן פון די אַנטלאָפענע הירשן. נאָך דעם ווי די מאַמע האָט מיר צוגעזאָגט אַ וואַרעם וואַטע־שפּענצערל — וועל איך מיר מאַכן אויך אַ הענטשקע, אָן פינגער. אַזאַ ווי ס'טראָגט די באָבע איטע־בינע ווינטער ביים פאַרקויפן פּירות אויפן מאַרק. אויף מיין ברוסט ליגט שוין איצט אַ ראַציק שטיק טוך. פון וואַנען קומט עס צו מיין דיל־שכן? וואָס איז עס אַזוינס? אַז ס'וועט ווערן דריבנע־ליכטיקער, וועל איך עס קענען זען. איצט — ברענט בלויז דער ליימענער הוצול־אויוון פאַר זיי ביידע. אין באַראַק וואַרפן זיי אַרויף אויף זיך די מלבושים די ערשטע, פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער. אין

פענצטערל הענגט נאָך אַן איבערגעשראָקענע די פינצטערניש. אַ פּיצל לבנה, פאַררייטלט־געשוואָלן ביים ברעג, וואַרפט איר קיל אלול־ליכט ערב דער דריטער אַשמורה.

די הענט מיינע זענען שוין פון איצט אָן וואַך און אומרויִק. אומרויִקער שוואַלבן־געפלאַטער אין האַרץ. אומגעדולדיקער ווי די קליינע הייליקע העמערלעך אין די שלייפן. ווען נישט די וואַכקייט פון די העמערלעך און דאָס פלאַטערן פון די שוואַלבן — וואָלט איך זיי ווידער געהערט פליסטערן ווי פריִער: די שטילע חלום־רייד פון דער מאַמען צו ר׳ יאַנטשען. איצט זענען אויך וואַך מיין שכנס הענט. ר׳ יאַנטשע איז אַהערגעקומען צו מיר נאָך איידער כ׳וועל זיך מאַכן אַניצעס. ר׳ יאַנטשע האָט תמיד געטראָגן אַניצעס. אַזוי ווי דער טאַטע. הויכע, פּוּיערישע שטיוול, געקאַרבטע, מיט פּאַדקאָוועס און פאַרשמירטע מיט דזשעגעכץ.

— מאַך זיך שוין אַניצעס... איידער ס׳ווערט טאָג.

— מען דאַרף נישט צערייסן?

— ניין. מען דאַרף נישט. שוין צעריסן.

— פאַרביידע פיס?

— פאַר ביידע.

— דו האָסט אויך?

— אויך... פון זעלבן...

מיין דיל־שכן שווייגט. אַ פאַרקנוילטע דיקע פינצטערניש הילט אַרום זיינע הענט. אַ שוואַרצע סודותדיקייט לאָזט אַרויס פון איר איינגע־ווייד ווייך־סַמיקע וואָרצלען.

— וואָס איז עס? פון וואַנען האָסטו עס?

— פרעג נישט קיין שאלות. וויקל אַרום די פיס — און שוין.

— פון וואַנען האָסטו עס?

— וואָס איז אַ נפקא־מינה? פון דער באַנראַמפּע.

— פון דער באַנראַמפּע?

— ע ר האָט מיר געוויזן נעכטן ווו ס׳ליגט.

— ווער?

— דער קאַנאַדער... נעכטן... נאָכן אַפּעל.

— דער קאַנאַדער?

— בגנבה. ווייסט נישט אַז ער איז אַ ייִד?

— ר'איז טאַקע אַ ייִד?

— פון מעזריטש. זיין טאַטע האָט געהאַט אַ שענק. און ער — אַ גאַרבעריי.

— און ער... ער האָט דיר געגעבן די אַניצעס?

— אַ גאַנצער קעלער לעבן דער ראַמפּע איז פול מיט דעם. אַז ס'קומען אָן ייִדן — גיט ער יעדן פאַר די פיס... צו מאַכן אַניצעס.

אין דער דיל־־פינצטערניש ריר איך אָן דאָס שטיק טוך, וואָס ליגט לעבן מיר. ס'איז ווייך, פייכטלעך, מיט קאַלטע דיקלעכע שנירלעך אַרומ־געזיימט ווי אָדערן. די אָדערן לויפן ביז צום ברעג, ווו ס'הענגען שוין אַראָפּ די דין־צעדריוולטע פעדעם. גוט וואָס ס'זענען פאַראַן שנירעלעך און פעדעם. כ'וועל קאָנען מיט זיי אַרומבינדן די אַניצעס. כ'וועל זיך טאַקע באַלד אַ ביסל אויפזעצן, כדי נאָך אין דער פינצטער אַרומצוּוויקלען די געפרוירענע, באַרוועסע פיאַטעס.

דער באַראַקן־חלל איז שוין געוואָרן אין צווישן שיטערלעך־גראָלעך בעת כ'הייב אָן איינגעבוקטערהייט אַרומצובינדן די נאַקעטע פיאַטעס. די ברעגן פון הויכן באַראַק־פענצטערל האָבן זיך אַרומגעצירט מיט צעריסענע קאָלירפלעקן ווי מיט ווייסלעכע מילך־פּאַטשערקעס. דער גרויסער פיר־קאַנטיקער בעטאָנדיל האָט אַלע שלאָפנדיקע גופים מיט אַ מאָל אויפגעהויבן גאָר הויך. ביז הינטערן באַראַק־סופיט. פון הוצול־אויוון שטראָמט נאָך אַהער דורכן חלל דער געווירציקער, וואַרעמער ריח פון געבראָטן ברויט און פלייש. ברויט. ברויט. ברויט. פלייש. פלייש. גאָטס זיסע חלומדיקע גאָב פאַר אַלע שטאַרבנדיקע. איידער זיי וועלן אונדז פירן צום רויטן בנין מיט די פירקאַנטיקע קוימענס, פלייצט נאָך דער זיסער חלומדיקער גוטער ריח. דאָס גרייט ער אַזוי צו, דער קאַנאַדער, אַלץ פאַר פאָור־ליטשעקן, נאָך איידער ס'וועט זיך שטעלן דער פרימאָרגן־אַפּעל. אפשר וועט היינט נישט זיין קיין ציילונג? נעכטן, פאַרן שלאָפנגיין, זענען מיר

דאָך אומצאָליקע מאָל געציילט געוואָרן. דאָס ציילן זיי אונדז פאַרן רויטן בנין. פאַר די פּירקאַנטיקע קוימענס.

זיי האָבן אונדז געציילט אַפילו נאָך דעם ווי מיר זענען שוין אַלע געלעגן אויפן דיל. באַזונדער דער קאַנאַדער. באַזונדער פּאַווליטשעק. וואָהין קען מען אַנטלויפן פונעם צעמענטענעם בירקענאַוער דיל? פאַר וואָס ציילן זיי אונדז אַזוי פיל אומצאָליקע מאָל? צי קאָן מען אַנטלויפן פון גאָטס רחמימדיקן טויט, וואָס האַלט אונדז געפאַנגען אין אונדזער פאַרטריבנקייט? צו וואָס אַנטלויפן — אַז סײַ ווי פאַרשווינדט יעדער ווי נאָר ס׳נידערט אַראָפּ דער תהומיקער דילשלאָף. אַלע דיל־שלאָפנדיקע אַנטלויפן בײַ נאַכט אַזוי ווי איך. מען שווימט אַרויס דורך די שמאָלע טיר־שפּאַרונעס. דורך די ענגע פענצטער־קראַטעס. אַלע ווערן נעלם ווי נאָר די אײַזערנע גרויסע באַראַקן־טיר ווערט פאַרהעמערט. וואָס מער פאַרהעמערט — אַלץ גיכער לויפן אַלע בײַ נאַכט אַרויס פון באַראַק. קיינער בלײַבט נישט דאָ ביזן בירקענאַוער טאָגאויפשפּראָץ. גראָד אַזוי ווי איך. אַלע פּויזען זיי אַנטקעגן די לויפנדיקע הירשן. אויך די טשערעדעס פערד, וואָס גאַלאָפּירן אַריין אויפן דיל מיט זייערע זילבערדיקע טלאָען. זילבערדיקע טלאָען פון ווייסע הירשן און פון ווייסע פערד פירן אונדז אַרויס. דאָס איז שוין דאָס שיינע טלאָען־געזאַנג פון די אומפאַרצוימטע. פון די באַפרייטע. שיינע הירשן לויפן פאָרויס צו דער גרינער, זינגעוו־דיקער וואַלדיקער אומפאַרצוימטקייט.

*

ער האָט זיך אָפּגערוקט אויף הינטערווײַלעכץ צוויי טריט. אין זײַנע אויגן שווימען אַרום רויט־געצונדענע פונקען. קליינע ברענענדיקע זעגל־שיפעלעך. הינטער אים שטייט דער קאַנאַדער. פּאַווליטשעק רוקט זיך ווידער אָפּ. דאָס מאָל נאָך אויף איין טריט הינטערווײַלעכץ. די רויט געצונדענע זעגלשיפעלעך ווילן גאָרנישט אַראָפּ פון מײַנע אָניצעס אַרום די פאַרוויקלטע פיס. די באַראַקן־טיר הינטער אונדז שטייט אָפן. דער הוצול־אויוון איז שוין אַוודאי אָפּגעקילט. די אָניצעס הייבן אָן איצט צו ברענען. די פיס טרעטן אַריין אין די אָפענע רויטע זעגלשיפלעך.

אַ רייסנדיקער ים־ווינט גייט איבערן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. ער איז געזאָלצן, דער ווינט, און פול מיט טל־טרערן.

— דו!..

דאָס מיינט ער מיך. נישט דעם דיל־שכן. פּאַווליטשעקס אויגן קוקן גלייך אין מיין פּנים. שפּעטער אויף מיינע פיס. כ׳זע: ער טראָגט נאָך אַלץ מיינע שיך. די שבתדיקע שיך, וואָס זענען פאַרשווונדן באַלד אין דער ערשטער נאַכט פון פינצטערן דיל. זיין האַנט איז איצט אויסגע־שטרעקט צו מיינע אָניצעס. זיין אויסגעשטרעקטער אָרעם ווערט אַ האַלב־קיילעכדיקער בויגן. מיט אַן אָנגעצילטער פייל. שפּיזיק־שפּיציק און פאַרסמט.

— דו! טייער יינגעלע! ווייז נאָר דיינע פּיסעלעך!

פּיסעלעך... פּיסעלעך... די אַנטלאָפענע נאַכטהירשן פון דיל־חלום האָבן זיך ווידער אומגעקערט צו מיר ביים אָפּעל. דאָס מאָל זענען זיי אַלע אַזעלכע שאָטנדיקע. קליינע, יונגע הירשנקינדער. זייערע העלדזער זענען לאַנגע, וואַרעמע. איין הירשיכע לייגט אַפילו איר ווייכן האַלדז אויף מיין אַקסל. דער נאַקעטער אָרעם פון דער מאַמען פאַרקנעפּלט מיר דאָס וואַטענע שפּענצערל. איר האַנט איז ווייך און וואַרעם. זי פירט מיך אַרויס פון אָפּעלריי. כ׳שטיי פאַר פּאַווליטשעקן — אַנטקעגן די רויטע זעגלשיפלעך. צווישן אים און מיר שטעלן זיך זיי — די צוריקגעקומענע נאַכטהירשן. אַלע ווילן זיי אַריבערלויפן מיינע פאַרבונדענע פיס. ר׳ יאַנטשע מלמד פאַרטרויט איצט אַ סוד דער מאַמען. די מאַמע כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. איר פאַטשיילע פאַלט צו מיינע פיס. זי בוקט זיך גיך אַראָפּ און פאַרוואַרפט אויף ס׳ניי די שוואַרצע פאַטשיילע איבער אירע האָר. הינטער אונדז איז דאָס פאַרצוימטע הייפל. דאָרט פליסט דאָס שמאָלע, הייזעריקע ריטשקעלע. ס׳איז הייזעריק פון די דינע האָלצשפּליטערס, וואָס שווימען צוזאַמען מיט אים. דערפאַר הערט מען קוים זיין שטיל, שטיל הייזעריק־לעך וואַסער־פּליסטערן. תמיד איז עס פאַרשטעלט, דאָס ריטשקעלע, מיטן פּליושענעם וואַנטשאָטן. פון וואַנען קומט אַזאַ שטיל וואַסערל צו אונדזער הייפל? מן־הסתם פונעם גרויסן טייך. דער גרויסער טייך, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן. דער גרויסער טייך איז דאָ געקומען צוריק צו די

לאַנעס, לאָנקעס און רומיאַנעק־פעלדער. די ביאַלאָוויעזשער וועלדער האָבן פאַרלוירן דעם זכרון. זיי קאָנען זיך נישט דערמאָנען דעם גרויסן טייך, וואָס איז אין זיי געבוירן. וועלדער. וועלדער. זייערע קרוינען זענען געוואָרן אָנגעפילט מיטן טרערנדיקן, זיסן זשיוויצעהאָניק. איצט איז פונעם גרויסן טייך פאַרבליבן בלויז דאָס פאַרצוימטע וואַסערל אויף אונדזער הייפל. זומערצייט לאָז איך אַריין אין אים מיינע ייִנגלשע פיס. כ׳שווים אַוועק מיט די קליינע, פאַפירענע זעגלשיפעלעך. וואַהין פליסט דאָס וואַסערל? יאַנטשע זאָגט: ס׳איז אַ צענט חלק פון סמבטיון. וואָס איז אַזוינס דער סמבטיון? די מאַמע ווייס נישט. בלויז יאַנטשע. פון וואַנען ווייס יאַנטשע? ער איז געקומען פון די ביאַלאָוויעזשער וועלדער, ווו ס׳פליסט נאָך איצט דער סמבטיון. יאַנטשע איז הויך ווי אַ בוים, וואָס האַלט ביים איינפאַלן. דערפאַר טראָגט ער די פאַרבונדענע פאַטשיילע, כדי נישט צו פאַלן. דער סמבטיון רוט שבת — זאָגט ער. אַרום אונדזער וואַסערל אויפן הויף הייבן זיך שוואַרצע, נידעריקע קוסטעס. אָפגעצערטע און פאַרטריקנטע. גראָד אַזעלכע קוסטעס האָבן נעכטן גע־ברענט אויפן בירקענאַוער באַרג. פאַר וואָס זיץ איך איצט לעבן וואַסערל און קיל אין אים די נאַקעטע פיאַטעס?

— ווייז נאָר דיינע פיסעלעך, זונעניו...

כ׳פרווו אויפהייבן מיין לינקע פיאַטע. מיין דיל־שכן האַלט מיך אונטער. ער זעט: איך גלי. נאָך פאַרן מאָרגן־אַפעל האָב איך אים געבעטן: רוף אַ דאָקטער... אַ דאָקטער?.. ער האָט פאַרבראָכן די הענט. זיך אָנגע־כאַפּט פאַרן קאָפּ. נאָר נישט אַ דאָקטער. ווייסט נישט וואָס הייסט אין בירקענאַו זיך מעלדן קראַנק?

— ווער האָט דיר, זונעניו, אויסגעהעקלט אַזעלכע שיינע זעקעלעך?

דאָס רעדט צו מיר נישט פאַוויליטשעק, נאָר דער קאַנאַדער. זיין קול איז גלאָזיק פאַרגליווערט. פֿון זיין מויל גליטשט זיך אַרויס אַ שוואַרצע, לאַנגע, דראָענדיקע סטענגע. אַזעלכע סטענגעס ציִען תמיד פון די מיילער די באַלוטער קונצנמאַכערס. נאָר קאָליריקע, נישט שוואַרצע. צו ערשט קומען די רויט־און־פייער־קנוילן. שפּעטער די קאָליריקע סטענגעס. איצט

גייט אויף מיר דעם קאַנאַדערס רויכיקער, הייסער אָטעם. באַלד וועט אַוודאי קומען דאָס פייער.

ער האָט זיך טיפער צו מיר איינגעבויגן. פּאַוואָליע, פּאַוואָליע נעמט ער אויפוויקלען פון מיין פיאַטע די אָניצע. ער האָט עס געטאָן שטיל, שטיל, מיט וועלפיש־נאַכטישער, לויערנדיקער געצוימטקייט. גראָד ווי ער וואָלט אָפּגעוויקלט אַ באַנדאַזש פון אַ פאַרוווּנדיקטן פוס. בעת איין פיאַטע מיינע איז שוין געשטאַנען באָרוועס האָט ער גענומען אויך אָפּ־וויקלען די צווייטע אָניצע. ביידע פיס שטייען שוין באָרוועסע אויפן פייכטן כראָפּעוואַטן אַפּעלפּלאַץ. די ערד אונטער די פיס איז אלולדיק־קאַלט. פאַרוואָרפן מיט קליינע, צעהאַקטע שטיינדלעך. דאָס איז דער דראָבנער, שפּיציקער זשוויר. פון דער בירקענאַוער שטיינהאַקעריי. מען צעוואַרפט אים יעדן טאָג איבערן אַפּעלפּלאַץ. בעת דער קאַנאַדער האָט שוין אָפּגעוויקלט מיינע ביידע אָניצעס — שטייט נאָך אַלץ פּאַוואָליטשעק אַ שווייגנדיקער הינטער אים. ער קומט ערשט אַרויס פון הינטער זיין פּלייצע דעמאָלט, בעת אויפן קאַנאַדערס הענט ליגן אויסגעשפּרייט מיינע ביידע אָניצעס.

ערשט איצט פּליסט אַוועק פון מיינע שלייפן דער פאַרזיגלטער, אָנגעצונדענער גלי. מיינע אויגן גייען אַרויס פון זייערע קיילעכדיקע פאַרטיפונגען. שוועבן איבער שוואַרצע הויך־גאַרנדיקע שטיגן. די שטיגן פאַלן איין ביסלעכווייז ווי שפּינוועב. פון קאַנאַדערס האַנט פינקלט צו מיר עפּעס צעקנוילטס און צעקנאָדערטס. מיט אַ סך בליציקע, קאָליריקע בליאַסקן. ביי זיין יעדער תנועה ווערט אַלץ שטאַרקער די סודותדיקע קאָליריקייט פון די אָניצעס. זי מיניעט, די קאָליריקייט, אָן אויפהער און בייט יעדע רגע די פאַרביקייט ווי ניי געבוירענע קונצנמאַכערישע סטענ־געס. די שוואַרצע שפּינוועב־שטיגן ליגן שוין אין גאַנצן איינגעפאַלן. בלויז מיינע באָרוועסע פיאַטעס ליגן געפאַנגען. פונעם צעשאָטענעם, שפּיציקן זשוויר. אָב הרחמים. הימל דערבאַרעמדיקער. תמיד בין איך געפאַנגען. געפאַנגען, געפאַנגען. געפאַנגען פון ווינט. געפאַנגען פון די ווייסע בהלה־דיקע הירשן. געפאַנגען פון גראָען זשוויר. געפאַנגען פון קליינעם, מעשענעם שבת־לייכטערל. געפאַנגען פון אַלע שאָטנלאָזע בזשאָזעס אויפן באַרג.

פון די פּאַפּירענע זעגלשיפעלעך, וואָס שווימען אַוועק צו די יזנגלשע וואַסערן פון סמבטיון. בעת כ׳קוק אַראָפּ צו מיינע פּיאַטעס, זענען די זשווירשטיינדלעך נאָך איבערגעצויגן מיטן בירקענאַוער נעפּל. דאָס קומט פון דער דריטער אַשמורה. ס׳איז דאָך באַלד סוף אלול. די פּוילישע פלוימען זענען שוין אַוודאי איבערצייטיק און שאַרף־בלאָ. גראָד ווי דער גראָער, טל־פינקלענדיקער זשוויר. דער קאַנאַדער שפרייט אויס זיינע הענט צו מיר ווי צו דוכענען. אויף זיינע צעשפרייטע דלאָניעס ליגן זיי — די צעשניטענע אָניצעס. דאָס האָב איך זיי אַרומגעוויקלט ביי נאַכט אויפן דיל. בעת די הירשן זענען געלאָפן איבער מיר. מיין דיל־שכן זיפצט איצט גאָר הויך לעבן מיר אין אַפּעלריי. כ׳פאַרשטיי נישט זיין שלוכץ. אַ קרעכץ פון אַן איינגעבראָכענעם דישל, בעת די פערד פאַלן צו דער ערד. ער בייגט זיך פּאַוואָליע איין צו מיין אויער. ער שעפּטשעט מיט פאַרמאַכטע ליפן. דער דישל איז שוין צעבראָכן.

— די אָניצעס... זאָג נישט פון וואַנען...

זאָג נישט פון וואַנען. דאָס יאָגט זיך שוין אַראָפּ אין אַ טיפן פאַר־שנייטן שיפוע דער וואָגן מיטן צעבראָכענעם דישל. די אָניצעס. די אָניצעס. נישט זאָגן פון וואַנען. פון וועמען. די הירשן ווייסן שוין דעם נאַכט־סוד. דאָס סמבטיון־וואַסערל ווייס שוין. אויך דער קאַנאַדער. אויך פּאַווליטשעק. אַפילו ר׳ יאַנטשע. די מאַמע. כ׳וועל נישט זאָגן. מיין צונג ווערט טרוקן־געליימט. כ׳וועל נישט זאָגן. זיי קומען דאָך, די אָניצעס, פון אים — פון קאַנאַדער. אַלץ וואָס געשעט דאָ, אין בירקענאַוער פאַרטריבנקייט, געשעט אַוודאי נישט אין דער אמתן. אַלץ געשעט מן הסתם ווייט פון דער ערד. אין טויטלעכע מרחקים, ווו דער הימל איז נישטאָ. ער איז אַ ליידיקע, שוואַרצע סקאָרופּע. די זון איז נישטאָ. אויך די וואָלקנס שווימען מער נישט אין גאָטס געוועלבן. בלויז אַן אָנדגאָזיקער טויטפּלאַטער באַוועגט די גלגלים, וואָס זינגען נישט מער. די שטערן לייכטן נישט אין זייער פאַרשטאַרבנקייט. די מזלות געבערן אויך נישט קיין אַשמורות. בלויז זיי — די ביינאַכטיקע ווייסע הירשן זענען די איינ־ציקע לעבעדיקע שיינע ערדישע גופים. זיי לעבן בלויז אינעם חלום, וואָס דער באַשעפער שיקט צו דער אויסגעלאָשענער ערד. ווהין לויפן זיי

איצט — די שיינע, חלומדיקע הירשן? זיי לויפן אַראָפּ אין גאַלאָפּ צו די דורכזיכטיקע סאַזשלקעס. צו די וועלדלעך. מיט מיין אימהדיקן סוד אין זייערע זילבערנע טלאָען. קיינער ווייס נישט דעם סוד. קיינער נישט. בלויז איך. איך און מיין דיל־שכן, וואָס כ'קען נישט זיין נאָמען. און אויך ער — דער קאַנאַדער. איך אַליין ווער שוין איצט אויך אַ דערשראָקן, לויפנדיק הירשל. מיטן סוד אין די טלאָען. מיינע פּיאַטעס־טלאָען, וואָס זענען ביי נאַכט געוואָרן אַרומגעשנירלט מיט די געשענקטע אַניצעס.

ווי לאַנג געדויערט דער פּרימאָרגנדיקער ייִדן־אַפּעל אויפן בירקע־נאַוער זשוויר־פּלאַץ? אומצאָליקע, פאַרביישוועבנדיקע שוואַרצע אַשמור־רות. צווישן געבויגענע ייִדנרייען גרייטן אָן די אַשמורות מנינים טויטע. זייערע פּנימער זענען שוין פריִער רייף געוואָרן צום טויט. נאָך דער דריטער אַשמורה. צווישן דער צווייטער און דריטער אַשמורה זענען זיי בלויז געוועזן צייטיקער, אויפגעקנאָספּעטער פּחד. בלויז איך און מיין אומבאַקאַנטער דיל־שכן זענען באַפרייט פונעם צייטיקן טויט. אויף ס'ניי וויל ער מיר עפּעס אַריינשאָרכן אין אויער. ווידער וועגן די אַניצעס, וואָס ליגן אויף דעם קאַנאַדערס הענט? ניין. מיין שכנס מויל איז דין־פאַרקרימט. אָפּן און אַראָפּגעלאָזן אין די ווינקלען. ווי ביי אַ פיש. ער וויל עטעמען און קאָן נישט. אָבער איצט שטייען שוין זיי ביידע צוזאַמען. פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער. ביידע קוקן זיי אַריין אין די אַניצעס. מיינע פאַר־שווונדענע שבת־שיך גלאַנצן אויף פּאַווליטשעקס פיס. אַ טריבער, שוואַרצ־לעכער שימער פון קרעפּ.

— דו, פון וואַנען האָסטו די אַניצעס?

פּאַווליטשעק נעמט אַ שטיק אַניצע אויף דער דלאָניע. ער בייגט זיך איין צום איינגעקנייטשטן טוך. צי וויל ער עס אַ קוש טאָן? זיינע אויגן שליסן זיך פרום ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ צלם.

— מאַטקאָ שוויענטאַ! אַזאַ הייליקייט! אַזאַ שיינע הייליקייט! פאַר דיינע פאַרשיווע פיס.

— פון וואַנען האָסטו דאָס הייליקייט? — צישעט דער קאַנאַדער

צווישן זיינע אָפענע ליפּן. זיינע ציין, שפּיציק־וועלפישע, האָבן אַ געל־בלעכן אָפּשיין פון העלפאַנד־ביין.

ערשט איצט זע איך די אַניצעס אויף זייערע אויסגעשפּרייטע הענט. די גלייזיקע זילבערהעמערלעך אין מיינע שלייפן האָבן אויפגעהערט צו קלאַפּן: קליפּ־קלאַפּ... איך זע, אַז די אַניצעס זענען פון צעריסענע פּרוכתן און צעשניטענע תורה־מענטעלעך. פאַר די אויגן פלאַטערט: שויתי ה׳ לנגדי תמיד... איינגערעמט אין אויסגעהאַפּטענע מגן־דודס... דער זעל־ביקער מגן־דוד, וואָס איז געווען איינגעבייט אויף די אַוועקגעוואָרפענע געטאָ־רעקלעך... צוזאַמען מיט אונדז זענען זיי דאָ אַהער געקומען — די שויתי ה׳ לנגדי תמיד... זיי ווילן זיך נישט שיידן מיט די אַשמורות אין בירקענאַו. אויך נישט מיט די שיינע, ווייסע הירשן אין חלום. אויך נישט מיט יאַנטשען. נישט מיט דער מאַמען. שויתי ה׳ לנגדי תמיד. כ׳וועל מוזן איצט זאָגן פון וואַנען כ׳האָב די אַניצעס. ביידע האַלטן זיי מיינע הענט, בעת די צעריסענע מענטעלעך פלאַטערן אין ווינט.

ווידער סיטשעט פּראָסטיק דער קאַנאַדער:

— אַזאַ הינטישער זון. פון דער הייליקער תורה נעמען אַ מענטעלע. צערייסן עס אויף אַניצעס. אַ ייִד זאָל טאָן אַזאַ חילול השם...

חילול השם. ר׳ יאַנטשע האָט אויפגעהויבן פון דער ערד אַ פאַר־ברענט מענטעלע און טראָגט עס צו זיין באָרד. די היציקייט רינט אַראָפּ פון מיינע שלייפן. יאַנטשע און איך שטייען דאָ באָרוועס קעגן־איבער דעם קאַנאַדער. דעם קאַנאַדערס פּנים איז געצונדן ביי די ברעגן. אַ סטויג היי, וואָס פלאַקערט ביי די ראַנדן. וואָס וועט זיין מיט מיין דיל־שכן? ער, וואָס האָט מיר ביי נאַכט געגעבן אויפן דיל די אַ אַניצעס. ער טראָגט אויך אַזעלכע אַניצעס אַרום זיינע פיס. לעבן אים שטייט איצט פּאַווליטשעק. דער שפּיציקער דרייעק אויף זיין בלאָ־געשטרייפטער קורטקע ווערט פלוצעם טורעמדיק־הויך. ס׳איז אַ רויטע, פלאַקערדיקע פּיראַמידע. זי שטייט אויפן זשוויר. איר שאַרפער, שפּיציקער עק גרייכט ביז אונטער די וואָלקנס. פונעם דרייעק ווערט אַ מגן־דוד. צוויי איבער־געקערטע פּיראַמיד־פלאַכן הייבן זיך צום הימל. מיין דיל־שכן רעדט איצט שטיל צו פּאַווליטשעקן:

— א י ך... איך... איך האָב אים געגעבן די אָניצעס... איך...

— דו?

— איך... איך...

פּאַווליטשעקס אויגן הענגען אויף מיין שכנס פּיס. דער פּיראַמידע־שפּיץ לאָזט זיך אַראָפּ פון דער הייך. דער קאַנאַדער שווייגט. ער קוקט מער נישט אויף מיינע אָניצעס. כ׳הער בלויז מיין דיל־שכן מורמלען: בגיא צלמות... בגיא צלמות... שויתי ה׳ לנגדי תמיד... פון דער זייט זע איך זיין האַלדז. דאָרט איז פאַרבאָרגן אונטער דער פאַטשיילע ר׳ יאַנטשעס באָרד. ווער מורמלט די ווערטער — מיין שכן צי יאַנטשע? כ׳דערקען עס. ס׳איז דאָס קול פון ר׳ יאַנטשען. ער רעדט אַריין אין דער באָרד. דאָס קול זיינס קומט אַרויס זילבערדיק־דין און געדרייט ווי פון אַ שופר: בגיא צלמות... שויתי ה׳ לנגדי תמיד...

פונעם קילן אלולדיקן הימל איז דער חלל איבער אונדז געוואָרן גאָר נידעריק. הייליקער טל פינקלט אַרויס ביי מיינע באָרוועסע פּיס אין בירקענאַוער זשוויר. די זון איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען. ערגעץ ווו יאָגן זיך אומגעדולדיק די פלאַכע פוילישע רעגן־וואָלקנס. אַ בלאָלעכער אלול־ווינט האָט אָנגעהויבן צו זאָגן תהילים פון פעלד. פון דאָרט, ווו ס׳שטייען די שאָטנלאָזע דורכזיכטיקע בזשאָזעס. דורכן חלל האָט מען איצט געהערט אָנקומען מיטן ווינט אַ ווייט־צעצויגן, מעשן ווידערקול פון אַ טראָמפּייט. ווער האָט עס איצט געשפּילט פון די ווייטע מרחקים? אפשר איז עס דער גרויסער טראָמפּייט פון דער בירקענאַוער קאַפּעליע? ניין, עס קומט נישט פון פעלד. נישט פון די פאַרשטאַרבענע בזשאָזעס אויפן באַרג. ס׳הייבט אָן צו פאַלן אַ דראָבנער, פּחדימדיקער בירקענאַוער רעגן. איינצלנע טראָפּנס זיינע פאַלן אויף מיין נאַקעט־אָפּגעגאָלטן קאָפּ. יעדער ווייכער רעגן־טראָפּן פאַלט אויף אים שטייניק־שווער. ווי דער שפּיץ פון פּאַווליטשעקס פּיראַמיד. דער שפּיציקער פּיראַמיד איז זיך אויך שוין צעגאַנגען אינעם טל. די טראָפּנס וועלן אַוודאי שפּאַלטן מיינע שלייפן, ווו ס׳זיצן די פאַרבאַהאַלטענע זילבערנע העמערלעך. מיין קאָפּ־חלל ווערט איבערפול מיטן אַהערשווימענדיקן ווידערקול פון טראָמפּייט.

דער פּחד פונעם דראַבנעם רעגן פּלאַטערט שוין אַרום אונדז. צוזאַמען
מיטן טראָמפּייטס מעשענעם בת־קול. אַ סטאַדע סאַמעטענע פלעדער־
מייז. די וואָלקנס אויפן הימל זענען געוואָרן נאָך נידעריקער. זיי זענען
אַהערגעשווומען צוזאַמען מיט דער דריטער אַשמורה. דער טראָמפּייטענער
ווידערקול קייקלט זיך אַלץ נענטער אַהער צום זשווירפּלאַץ. לכתחילה
שוועבט זיין ווידערקול אַרום די באָרוועסע פיס, צוזאַמען מיט די פלע־
דערמייז. שפּעטער קלעטערט עס אַרויף צו די הענט. פון די הענטגע־
לענקען צו די שלייפן, ווו די העמערלעך נעמען איבער דאָס מעשענע
בת־קול פונעם אויסבאַהאַלטענעם, סודותדיקן טראָמפּייט. ס׳איז אַ טראָמ־
פּייטן־קאַפּעליע און פון אומצאָליקע גלעקעלעך, אַנגעהאַנגען אויף די
העלדזער פון אַ שעפּסן־סטאַדע. באַלד וועט די סטאַדע אַוודאי אַראָפּ
פון בירקענאַווער באַרג. און אפשר, אפשר גייט גאָר דער אַ טראָמפּייט-רוף
נאָר פאַר די, וואָס וועלן באַלד פאַלן אויפן זשוויר־פּלאַץ? זיי וועלן ליגן
בלייבן אינעם אלולדיקן טל, וואָס פינקלט אַרויף מיט אַזוי פיל דימענט־
לעך צווישן צעשאָטענעם זשוויר. דאָס וועט געשען נישט דאָ, אויפן
זשווירפּלאַץ, נאָר דאָרט, הינטער דער שוואַרצער באַראַקן־וואַנט. דאָרט,
ווו די נידעריקע באַראַק־פּאַסאַדעס זענען אַרומגעהילט מיט גרין־פינק־
לענדיקן וואַלדמאָך. אויך די פלעדערמייז וועלן דאָרט אַהינפּלאַטערן.
אויך די דורכזיכטיקע טל־טראָפּנס, וואָס הענגען נאָך פאַרגליווערטע אויף
מיין נאַקעט־אָפּגעגאָלטן קאָפּשיידל. דער חלל וועט ווערן אַ פאַרפרוירענע
פּיראַמידע פון שטילקייט. שטילקייט. שטיל... שטיל... שטיל.. שויתי ה׳
לנגדי תמיד. דאָס וועט אַוודאי זיין דער לעצטער קילער הויך אינעם
גילדענעם מגן־דוד, וואָס בלענדט אַרויס פון די צעריסענע אָניצעס.
דערנאָך וועט אַוודאי אויך אויפגיין אויף אַ ווייַלע די זון. דאָס קייַלעכ־
דיקע טרויעראויג, וואָס לייכט מיט גאָט ברוך־הואס עצבות. דאָס אויג
וועט דערזען דעם אַשמורה־סוד הינטערן באַראַק. דערנאָך וועט זיין זוניק
עצבות־אויג אַוועקשווימען צו די דינע בזשאָזעס אויפן באַרג. און זיי
וועלן אַלע מיטווייַנען, די בזשאָזעס, מיטן הייליקן טל. מיטן צעשאָטענעם
זשוויר. מיטן אויסבאַהאַלטענעם טראָמפּייט. מיט דער דריטער אַשמורה.
מיטן פלאַטערדיקן מלאך, וואָס בלאָזט איצט אינעם מעשענעם טראָמפּייט

פון טויט, מיט אַלע נאַקעטע און באָרוועסע אויפֿן בירקענאַוער זשוויר־פּעלד.

*

דער ערשטער איז אָנגעקומען דער מיטן טראָמפּייט. ער האָט אים געטראָגן אַריבערגעוואָרפֿן איבער די אַקסלען און פֿאַרשנירט הינטער די אָרעמס מיט ברייטע לעדערנע שנאַלן. דאָס איז געווען אַ ריזיק־גרויסער און פֿיל מאָל געפּלאָכטענער טראָמפּייט, וואָס האָט זיך מיט זיין חלל־פּאַרטיפּעניש הויך געהויבן איבער זיין קאָפּ ווי אַ פֿינצטערער, אָפֿענער באַרגקראַטער. איידער ער האָט זיך דערנענטערט, האָט דער טראָמפּייט אויך אויסגעזען ווי אַ קיילעכדיקע, גילדענע רויז. מיט יעדן טריט פֿון טראָמפּייט־טרעגער האָט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן דער גילדענער רויזן־כּישוף. דער טראָמפּייט האָט געמוזט זיין זייער אַ שווערער, וואָרעם דעם טראָמפּייט־טרעגערס שטיוול האָבן שווער געקריצט אינעם זשוויר: כליפּ, כליפּ. דער טראָמפּייט־טרעגער איז געווען אַ קאַרליק. מ׳האָט נישט אַרויסגעזען זיין קליינעם, קינדערשן גוף. דער באַרגקראַטער האָט אים אין גאַנצן פֿאַרדעקט. בלויז זיינע הויך־באַשטיוולטע קינדער־פּיסלעך האָבן אויפֿן זשוויר אַרויס־געגעבן פֿון זיך דעם דאָזיקן כליפּ. כליפּ. כליפּ; לעבן אים איז געגאַנגען דער „דאָקטער". הינטער זיי: דער „פּאַפּאַ" מיטן נאַכטבלינדן. אַלע האָבן זיי געטראָגן אַסירים־רעקלעך. מיט שאַרף־בלאָלעכע שטרייפֿן. דער „פּאַפּאַ" מיטן נאַכטבלינדן האָבן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען, איינער הינטער דעם צווייטן, אַ פֿלאַך, ברייט ברעט. דאָס ברעט איז געווען בייניק־ווייס פֿון אָפּגעשיילטער בוימקאָרע און אויך אַרומגעטעסעט. דאָס קומען אַוודאי שוין אָן פֿאַר אונדז די נייע הילצפּריטשעס. דער קאַרליק מיטן טראָמפּייט גייט פֿאָרויס. באַלד וועלן קומען די אַנדערע, מיט די ווייסע פּריטשעס אויף די אַקסלען. ווי גוט וועט דעמאָלט זיין מיט די הילצערנע פּריטשעס אין באַראַק. מען וועט מער נישט ליגן אויפֿן בעטאַנדיל. פֿון איצט אָן וועלן די פּריטשעס פֿונעם פרישן וואַלדגעהילץ זיין וואַרעמע, געטעסענע אָרונס. זיי וועלן מיטברענגען טערפּקען ביימער־ריח. זיסן, פֿאַרגליווערטן זשיוויצע־האָניק. גינגאָלדענעם בלעטער־טל. אַלץ וועט ווידער אויפֿשטיין פֿון פֿאַרשטאָרבנקייט. אַלץ וועט זיין געמישט מיטן

וויין און מילך פון די לאַנג־פאַרשטאַרבענע גראַזן און פיאַלון־וואָרצלען. כליפּ. כליפּ. די פריטשע־וועגטלעך וועלן שאַטנדיק עטעמען אין דער פינצטער. מיין האַנט וועט זיי אַלע קאָנען אָנרירן: דעם קליאַן, דעם דעמב, די בזשאָזע, די ליפּע. צום מיינסטן וועלן אַוודאי קומען צו אונדז זיי — די קרומע ווערבעס. פון די פאַרייִאושטע טייכן. זיי וועלן אַלע אַריינקומען אין באַראַק מיט זייער דינעם ווינטזוזשען. מיטן שלוכץ פון געבראָכענע צווייגן. מיטן שטומען זיפץ פון געפאַלענע שלאָפקעפּלעך. אויך מיטן זילבערנעם וואַסערפליוסק, וואָס וועט נישט אויפהערן צו פּרעפּלען ביי די באָרוועסע פיס: כליפּ. כליפּ. כליפּ.

דערווייל צעשווימט דער קאַרליק מיטן מעשענעם באַרגקראַטער אין דער בלאַסער גרינלעכקייט, וואָס דער אלול־רעגן האָט דאָ איבערגעלאָזט. יעדער רעגן האָט דאָ אַ גרינלעכע, כּישופדיקע גרינלעכקייט. בעת אַלע פיר קומען צו נעענטער — שפּילט נאָך אַלץ דער טראָמפּייט. דער קאַרליק ציט זיין קול דנאָיִק־נידעריק און באַלד באַרגיקהילכיק. די טראָמפּייט־קולות הילכן אָפּ, ווי ער וואָלט געוואָרפן קליינע זשווירשטיינדלעך אינעם טיפן קראַטערדנאָ: כליפּ. כליפּ. כליפּ. פּאַווליטשעק פאַרבייגט איצט זיין גראָבן פינגער צום קאַרליק. באַלד גלייכט ער אים ווידער אויס. דאָס איז מן־הסתם אַ סודותדיקער סימן פאַרן קראַטערבאַרג. דער קאַרליק מיטן טראָמפּייט דרייען זיך טאַקע אויס. נאָך אים — אויך די דריי אַנדערע: דער „דאָקטער", דער „פּאַפּאַ" און דער נאַכטבלינדער. דער „דאָקטער" גייט באַזונדער, בעת דער „פּאַפּאַ" און דער נאַכטבלינדער — הינטער זיי.ביידע טראָגן הויך דאָס ווייסע ברעט אויף זייערע אַקסלען. אַלע גייען זיי מיט געמאָסטענע פּאַראַדטריט צום באַראַק. דער קאַרליק פאַרשווינדט דער ערשטער מיטן טראָמפּייט הינטער דער באַראַקן־וואַנט. נאָך אים פאַרשווינדן די דריי באַגלייטער. פּאַווליטשעק און דער קאַנאַדער נעמען איצט אַרויס מיין דיל־שכן פון אַפּעלריי. זיי פירן אים אונטערן אָרעם. די פיס זיינע, באָרוועסע, בלאָלעכע, טרעטן איבער די שפּיציקע זשוויר־שטיינדלעך ביז אַלע פאַרשווינדן זיי הינטער דער באַראַקן־וואַנט.

די גאַנצע צייט הערט נישט אויף דער טראָמפּייט אַרויסצוציאָגן די דנאָקלאַנגען פון זיין קראַטער־אינגעווייד. אַזוי קלינגען אוונטיקע, דאַר־

פישע קלויסטערלעך פון פאַרשנייטע ווייטקייטן. אָדער איבער אויפגעשיטע טרויער־קורהאַנעס. פון דאַנען זעט מען שוין קיינעם נישט הינטער דער וואַנט. דער טראָמפּייט ווערט גאָרנישט פאַרשוויגן. וווהין פירן זיי אים איצט אַוועק — מיין באָרוועסן דיל־שכן? איך ווייס אַפילו נישט זיין נאָמען. דער טראָמפּייט שאַלט איצט נאָך העכער זיינע מעשענע דנאַ־קולות. פאַרשנייטע קירכן הייבן אויף ביז צו די וואָלקנס זייערע באַקעטע, וויגנדיקע גלאָקן. שליטנס שווער־באַלאָדענע גליטשן זיך שדיש־פלינק איבער פאַרפראָסטיקטע טראַקטן. דאָרפישע חתונה־קאַפּעליעס. גלחים מיט גילדענע צלמים. מיינע שלייפן גליִען שטאַרקער אין פראָסט. קליינע וואַלדשטערן, געפרוירענע און פאַרבלאָנדזשעטע, פאַלן אַראָפּ אויף די חתונה־קאַפּעליעס. עמעצער קלייבט זיי אויף מיט קרישטאָליקע פינגער. שאָטנס פון געקרייזלטן, בלאָלעכן רויך גלעטן די געפרוירענע שטערן אין זייער ערדישער געפאַלנקייט. הינטער דער באַראַקן־וואַנט בלאָזט הויך דער טראָמפּייט: טראַ! ראַ! ראַ!; דער אלול־רעגן הייבט שוין ווידער אָן פאָרכטיק־דין צו פאַלן ביי די באָרוועסע פיס אינעם זשוויר: כליפּ. כליפּ. כליפּ.

פלוצעם — אַ געשריי. פון הינטער דער באַראַקן־וואַנט. די טראָמפּייט־קולות שטייגן העכער. פון באַרגקראַטער שווימט איצט אַרויס זיין פייער־דיקע לאַווע. זי צעגיסט זיך פלאַמיק איבערן געשריי. דאָס איז זיין געשריי. מיין שכנס. כ׳דערקען עס: שמע!.. שמע!.. דער טראָמפּייט בלאָזט העכער. דאָס געשריי ווערט שטילער. געפאַנגענער. זיין קול איז שוין געפאַנגען. אין קראַטער. בלויז נאָך איין איינציק מאָל: ש־מע!.. דערנאָך איז שטיל. דער אלול־רעגן האָט צוריקגעבראַכט די אַ שטילקייט. שטיל־קייט פונעם טראָמפּייטערדיקן קראַטערדנאָ. אַלע דנאָען זענען פאַרפראָס־טיקע שטילקייטן. דאָרט, אין די פינצטערע קראַטערס, ליגן זיי פאַר אונדז אויסבאַהאַלטן: די שאַרפע חלפים. די דינע שפּיזן. די גלאַטיקע מעסערס. די קרומע שווערדן. די כראַפּעוואַטע שטריק. די ברייטע העק. די גע־נאָגלטע שטעקנס. די פאַרזשאַווערטע שטאַנגען. די שפּיזיקע קינזשאַלן. אַלע ליגן זיי אָנגעגרייט פאַר די באָרוועסע. ווער שיצט זיי? דער תהום פון די שוואַרצע קראַטערס שיצט זיי אין דער פינצטערניש. אויך דער

אַרויסגעוואָרפענער לאַוועאַש, וואָס וויל זיך נישט פאַרלעשן אין זיין גלי. דער סמיקער בלאָער אַוויר. ער באַהויכט די נידעריקע פּיאָלון־גראָזן. אויך די גלגלים. די שאָטנלאָזע בזשאָזעס אויפן באַרג. און אויך זיי — די קליינע זילבערנע העמערלעך, אויסבאַהאַלטענע אין מיינע צעגליטע שלייפן. — — —

דער ערשטער קומט צוריק פון הינטער דער באַראַקן־וואַנט פּאַוור־ליטשעק. נאָך אים — דער קאַנאַדער. ווו איז מיין דיל־שכן? אָט איז ער. אַ פלאַטשיקער, אַ פלאַכער ליגט ער אויפן ווייסן, לאַנגן ברעט. מיטן פּנים אַראָפּ צום ברעט, וואָס דער „פּאַפּאַ" און דער נאַכטבלינדער טראָגן ווידער אויף זייערע אַקסלען. זיי טראָגן אים הויך, הויך איבער זיך. פאַר זיי טרעטן: דער „דאָקטער" און דער קאַרליק מיטן טראָמפּייט. ווידער עפנט דער מעשענער טראָמפּייט זיין קראַטער. ער וואַרפט פון זיך אַרויס געדיכטע, שוואַרצע, פאַרשרפעטע קולות. דעם קאַרליקס שטיוול טרעטן שווער אויפן זשוויר: כליפּ. כליפּ. כליפּ. זיי טראָגן אים צום שמאָלן סטעזש־קעלע. אין צפון־זייט פון באַראַק. דאָרט שטייען שוין נישט די בנינים פאַר די אַסירים. בלויז די לאַגערקיך. אויך די גיהנומדיקע שוואַרצע קיבלס פאַרן קיכאָפּפאַל. זיי זענען פאַרצוימט. אָ, ווען מען וואָלט געקאָנט צופויזען צו די אָ פולע שוואַרצע קיבלס מיטן שפּייזאָפּפאַל. בלויז די בירקענאַוער ווירבליעס פלאַטערן דאָרט אַראָפּ אין פריילעכע שערענגעס איבער די באַראַקן. איצט קוקט אַוודאי מיין דיל־שכן אַריין אין די שוואַרצע קיכקיבלס. ער האָט נישט מורא פאַר די דרעסירטע וועלפהינט, וואָס דרייען זיך ביי דער קיך. אויף אַ קליינעם מרחק פון דאַנען שטייט ער — דער פאַרצוימטער, סודותדיקער ציגל־בנין. אַרומגערינגלט מיט די שלאַנקע בזשאָזעס.

אויפן קאַרליק גלאַנצט איצט דער טראָמפּייט פון דער וויטנס מעשיק־רויט. אַן אויפגייענדיקע אלול־זון. דאָס איז נישט די זון. זי וועט אַוודאי היינט מער שוין נישט אויפגיין. זי וועט קיין מאָל שוין נישט אויפגיין. נישט אויפגיין. זי איז פאַרזונקען אינעם טויטן־קראַטער. דאָרט באַלייכט זי: אַלע חלפים. שפּיזן. מעסערס. שווערדן. שטריק. העק. שטעקנס. שטאַנגען. קינזשאַלן. אַלע וואַרטן זיי אויף מיין האַלדז. פאַר

מיינע קני. פאַר מיין געניק. די געלענקען וועלן קריצן: קריץ. קריץ. קריץ. מיין האַלדז וועט וועלן כליפּען: כליפּ. כליפּ. כליפּ. אָבער צו ערשט וועלן נאָך אָנקומען די ווייס־געהובלטע און געטעסעטע פּריטשע־ברעטער. פאַר די באָרוועסע. איצט גייען מיר שוין אַלע צוריק אין באַראַק. נאָכן פרימאָרגן־אַפּעל. דער זשוויר איז אַלץ נאָך פייכטלעך. טל־טרערנדיק. די פּיאַטעס טרעטן איבערן שפּיציקן זשוויר: כליפּ. כליפּ. כליפּ. פאַר וואָס כליפּעט דער זשוויר — און איך קאָן נישט וויינען? די העמערלעך אין די שלייפן האָבן פאַרהאַקט די טרערן־זעקעלעך. אָן טרערן אויפן שפּיציקן זשוויר. כ׳וועל אַוודאי ערשט וויינען דאָרט — אין באַראַק. אויפן צעמענטענעם דיל. נישט ווייט פון ליימענעם הוצול־אויוון. נישט ווייט פון אויפגעהויבענעם פענצטערל. פון זיינע פאַרשטויבטע שייבלעך קאָן מען אַוודאי זען דאָס קרומע פעלדוועגל. הינטער דער באַראַקן־וואַנט. דאָרטן, ווו זיי האָבן אים אַוועקגעפירט. דער קאַרליק מיטן טראָמפּייט. דער „פּאַפּאַ״. דער נאַכטבלינדער. דער „דאָקטער״. מאָרגן וועלן שוין אָנקומען די באַראַקן־פּריטשעס. די ווייסע, געהובלטע אָרונס פאַר די באָרוועסע. דעמאָלט וועט זיין דער לעצטער טאָג פון אלול. דער טאָג פון פלאַטערנדיקן מלאך, וואָס רופט יעדן באַגינען די באָרוועסע, זיי זאָלן אויפשטיין נאָך דער דריטער אַשמורה. ער לעשט אויס דעם לעצטן שטערן אויפן באַרג פון די שאָטנלאָזע בזשאָזעס, כדי צו זיין גרייט פאַרן טאָג פון פאַרכטיקייט און פאַר דער דנאָזיקער, לאַנגער נאַכט אָן חלום.

*

ס׳איז די ערשטע נאַכט פון חודש תשרי. די לאַנגע באַראַקן־נאַכט פון די מזלות, וואָס באַוועגן זיך אין סימן פון דער הימלישער וואָג. איצט וועט שוין מן־הסתם מער נישט פאַלן דער גרינלעכער טל. בלויז דער בירקענאַוער טויטער רעגן. דערנאָך וועט אַראָפּפאַלן דער שניי. אַ בירקענאַוער שניי, געשיקט פון די הימלישע מזלות. כ׳ווייס: כ׳האָב הויכע היץ. איידער ס׳וועט אַראָפּפאַלן דער שניי וועלן די הילצערנע פּריטשעס שוין שטיין אויפן צעמענטענעם דיל. די ווייסע פּריטשעס אונטער דער הימלישער תשרי־וואָג מיטן גזר־דין פאַר מיר. וואָס וועלן זיי איצטער טאָן מיט מיר מחמת די אָניצעס? מחמת — שויתי ה׳ לנגדי תמיד? לעבן

מיר ליגט מיין דיל־שכנס זון. מיטן פנים פאַרגראָבן אין דער פינצטערניש. זיינע ייִנגגלשע הענט פלאַטערן איבער זיין צעגליט פנים. זיין מויל פליס־טערט אָן אויפהער צו מיר פון גאָר נאָענט. אומצאָליק זענען די גופים, וואָס ליגן פאַרקנוילט און צוזאַמענגעפלאָכטן אויפן דיל. וועמענס האַנט? וועמענס קאָפּ? וועמענס פוס? מיינע באַרוועסע פּיאַטעס ליגן אויף עמעצנס אַקסל. איך פיל אויף די פּיאַטעס דעם פרעמדנס הייסן אָטעם. וואָס אַזוינס פליסטערט איצט צו מיין פנים מיין דיל־שכנס זון? וואָס ווילן מיר זאָגן זיינע פינצטערע ליפּן? עמעצער גייט אויפן שפּיציקן זשוויר הינטער דער וואַנט. כליפּ. כליפּ. דאָס איז איינער פון זיי. מסתמא פאַוּוליטשעק. די הויכע אייזערנע באַראַקן־טיר איז נאָך פאַרשלאָסן. איצט עפנט זי זיך אַ שוואַרצער, לאַנגער גסיסהדיקער נאַכטגרילץ. דאָס איז אַן אָפּגעהאַקטער כליפּ פון אַ פלעדערמויז אַוודאי אַריין דורכן טיר־חלל. אַ ריזיקע, סאַ־מעטענע, שרייענדיקע פלעדערמויז פלאַטערט איבערן דיל.

— דער טאַטע...

— ווייסט?

— ניין, כ׳ווייס נישט...

דערנאָך פליסטערן זיינע ליפּן גאָר, גאָר נאָענט צו מיין פנים:

— וועסט זאָגן אָ מ ן? —

כ׳שאָקל צו אים מיטן קאָפּ אין דער פינצטער. צי זעט ער מיין שאָטנדיקע קאָפּ־תנועה? ער זעט זי אַוודאי נישט, וואָרעם באַלד וויגן זיך ווידער צו מיר זיינע ייִנגלשע ליפּן:

— וועסט זאָגן אָ מ ן?

— כ׳וועל זאָגן... כ׳וועל...

— ית...גדל.. וית...קדש...

— אמן.

ס׳איז גאָר, גאָר שטיל אַרום אונדז. ערשטע תשרי־נאַכט, געבוירן פון די וואָג־מזלות. אַרום אונדז שלאָפן אַלע. באַלד וועלן זיי אַלע אַרויסגיין פון שלאָף. זיי וועלן אַוועקוואַנדערן אין דער שטערנלאָזער, בירקענאַווער

תשרי־נאַכט. וואַהין וואָגלען זיי אַוועק? צו אַלטע קלויזן, וואָס ברענען נאָך. די פונקען טליִען אין די שלייפן. פון פרוכנע־אַש זילבערן אַרויס: שויתי ה׳ לנגדי תמיד... אָמן... אָמן... אָמן..

— מאָרגן וועלן זיי אויך נעמען מיך. ווי דעם טאַטן דײַנעם. אַוועק־פירן הינטער דער וואַנט. דער קאַרליק מיטן טראָמפּייט.

— זיי שטיל. שלאָף.

זײַן ייִנגלש קול איז מילד און טרייסטנדיק.

— ווערסט זען. מאָרגן וועלן זיי קומען נאָך מיר. זיי וועלן קומען. זיי וועלן מיך אַוועקפירן. כ׳טראָג די זעלביקע אָניצעס, וואָס דער טאַטע דײַנער. פּאַווליטשעק... דער קאַנאַדער...

— שלאָף... גאָט ברוך־הוא וועט...

— גאָט ברוך הוא...

— שלאָף. מען הערט יעדעס וואָרט ביים אויוון. מאָרגן קומען שוין די פּריטשעס...

— דער טראָמפּייט. דער טראָמפּייט. דער טראָמפּייט.

איצט פאַלט שוין דער פליסנדיקער מעשענער טראָמפּייט־שאָטן אויף אונדז ביידן. דער קאַרליק עפנט פאַר מיר טיפער זײַן קראַטער־חלל. ער נעמט אַראָפּ פון זײַן קאָפּ דעם ברייטן פויערישן שטרויהוט. דער קאַרליק ווייזט מיר זײַן פּנים. דאָס איז דאָס פּנים פון פאַרשטאָרבענעם ווינט. אַן פּנים. אָן אויגנליכט. אָן גופיקער פאָרעם. טויטער חלל פון הינטער דער וואַנט. פון די גרינע, סאַמעטענע מאָכפּאַסאַדן. פון די צעטרעטענע פּיאָ־לונגראָזן. פון די ביטערע מילכשטענגלעך. אַלץ, וואָס קאָן מער נישט וויינען. איצט איז געקומען די טויט־אַשמורה אויף פאַר מיר. די דריטע אַשמורה אין דער ערשטער תשרי־נאַכט פון די מזלות. די הימלישע וואָג איז אַראָפּגעזונקען. אָט גייען זיי שוין אַלע. מיטן ווייסן ברעט. דער „פּאַפּאַ״. דער נאַכטבלינדער. פאַר זיי — דער „דאָקטער״. אַלע שטייען שוין גרייטע לעבן לײַמאויוון. אויך ער — דער קאַרליק. מיטן הויך־געקרייזלטן טראָמפּייט. ער איז נאָך דערווייל פאַרשטומט — דער טראָמ־

פייט. אַ שטומער פייערבאַרג. דאָרט וואָרט שוין מיט שטייניקער שטומקייט דער פאַרגליווערטער קראַטער־חלל. וואָהין פירט זי מיך — די דריטע אַשמורה? ס׳איז דער לעצטער אַשמורה־חלום אויפן דיל. עמעצער נעמט מיך אונטערן אָרעם. דאָס איז ער — מיין פאַרשווונדענער דיל־שכן. ער איז צוריקגעקומען. צוריקגעקומען פון דאָרטן. פון דנאָיקן שוואַרצן קראַ־טער. נישט געדאַרפט זאָגן אַזוי גיך קדיש. נישט אָמן. גאָרנישט נישט. בלויז: שויתי ה׳ לנגדי תמיד... ער איז גאָרנישט געשטאָרבן. קיינער איז נישט געשטאָרבן. ער ליגט צווישן אונדז. אויפן בעטאָנדיל. גראָד אַזוי ווי נעכטן, איידער מען האָט אים אַוועקגעפירט הינטער דער וואַנט. איצט איז ער צוריקגעקומען. געקומען גראָד צו דער לעצטער אַשמורה־שעה אין פענצטערל. זיין האַלדז איז גאָרנישט צעטרעטן פונעם ווייסן ברעט. זייערע פיס האָבן זיך גאָרנישט געהוידעט אויפן פריטשעברעט, וואָס זיי האָבן אַוועקגעלייגט אויף זיין האַלדז. זיין פּנים לייכט צו מיר. די פרייד פון אַ שטיין. אויפן טייכדנאָ. אַ ווייסער שטיין ליגט אינעם סמבטיון־דנאָ. פול מיט פרייד פונעם אויסגעמיטענעם טויט. איצט איז זיין פּנים גאָר־נישט קיין שטיין. אַן איבערגעשראָקענע, קליינע, פאַרשעמטע לבנה. זינט נעכטן זענען אַלע הימלישע מזלות אַזוי פאַרשעמט און איבערגעשראָקן. גאָט ברוך־הוא אויך. ער שעמט זיך. פאַר די צעטרעטענע מילכגראָזן הינטער דער וואַנט. פאַר די צעשניטענע אָניצעס. פאַרן הוצול־אויוון אין שאָטן. פאַרן זשווירס כליפּ. כליפּ. כליפּ. פאַרן הויכן פענצטערל. פאַרן מעשענעם שבת־לייכטערל, וואָס גייט אַרויס פון דער וואַנט. די נאַכט פלאָטערט נאָך יעשענדיק אין דער דריטער אַשמורה. די שוואַרצע תשרי־וואָג באַוועגט זיך צווישן די מזלות. זיי הייבן מיך שוין פון דיל. איצט ליג איך אויף דער וואָג. כ׳בין אַזוי לייכט. ווי לייכט און פּרוכטיק־זיס איז דער טויט. כ׳ליג שוין אויפן געהובלטן ווייסן ברעט. מיטן פּנים אַראָפּ. די הענט פלאָטערן בלויז צו דער ערד, בעת זיי טראָגן מיך אַרויס הינטער דער וואַנט. די הענט ווילן נישט אָפּלאָזן די ערד. גאָטס אייביקע ערד האַלט זיי געפאַנגען. פאַר וואָס ווילן די הענט גאָרנישט באַפרייען די ערד? די הענט ווערן דינע גלאָזיקע ווערלעס. זיי טרייבן דאָס הילצערנע שיפל אונטער מיר אַוועק אין די בלאָלעכע הימל־מרחקים.

ווי גיך גייט אַוועק די דריטע אַשמורה-נסיעה. הינטער מיר איבער ־די הימל־מרחקים שווימט שוין דער ניי־געבוירענער מולד. ער לייכט אַראָפּ פונעם הימלדיקן תהום. באַלד וועלן לעבן אים אָנהייבן לייכטן די קליינע איבערגעשראָקענע שטערן. פּאַוואָליע, פּאַוואָליע וועט ווי אַ זעגלשיפל שווימען צו איר סוף די דריטע אַשמורה.

.1970—1965

# שדי

לכתחילה זענען די גראָ־גרינלעכע ים־כוואַליעס געווען אַ סך נידעריי־
קער פונעם קאַיוטע־פענצטער. ערשט שפּעטער האָט זיך דער וויגנדיקער
ים־פלאַך אויפגעהויבן העכער. דערווייל זענען בלויז איינצלנע טראָפּנס
געפאַלן אויפן דיקן, קייל־עכדיקן שויבן־גלאָז. זיי האָבן געקלאַפּט ווי אַ
שיטערער האָגל, געטריבן פון ווינט. פון דער נידער, פונעם טיפסטן
שיפצימערל, האָט מען געקאָנט זען דעם גאַנצן הימל, פון דרום ביז צפון,
— אַ צעשפּרייטן, ריזיקן בלאָען פּעכער, וואָס האָט פאַרזיגלט פון ביידע
זייטן דעם ים־האָריזאָנט. שפּעטער, בעת די ווינטן האָבן זיך געשטאַרקט
און דער ים־פלאַך האָט שוין דערגרייכט ביז צו דער העלפט פונעם
פענצטערל, האָט מען אויך מער שוין נישט געזען דעם הימל־האָריזאָנט.
דער הויכער הימלפּעכער האָט געשוועבט איבערן ים, אָראָפּגעבליקט אונטן
צו די וואַסערן, פון וואַנען די ווינטן — שוואַרצע, תהומיקע ים־וויכערס —
האָבן אָן אויפהער אונטערגעהויבן די כוואַליעס און זיי דערנאָך צעבראָכן
ביי די מעטאַלענע שיפּווענט אויף אומצאָליקע וואַסערבראָשן פון פליסנ־
דיקן, שוימיקן זילבער.

מיט אים אין שיף־קאַיוטע זענען געשלאָפן נאָך דריי ייִדן, אָבער בלויז
ער אַליין, ר׳ יוסף גבריאל, דער סופר סת״ם פון מעלניק, דער זון פונעם
מעלניקער שוחט, איז תמיד געווען דער, וואָס האָט זיך געפּעדערט דער
ערשטער. ער פלעגט דערנאָך אָפּשטיין שעהען לעבן קייל־עכדיקן פענצ־
טערל אין דער ערשטער אויפשפּראָצנדיקער ים־ליכטיקייט. דער ים־
פלאַך איז דעמאָלט נאָך געלעגן נידעריקער פונעם פענצטערל, אָבער די
שיף־קאַיוטע אַליין, מיט איר דיל און די דריי בעטלעך, זענען שוין
געזעסן טיף אינעם וואַסער. דערפאַר טאַקע איז דאָ געווען אין חלל אַ
שטענדיקע ווילגאָטנעקייט און פליסיקע, האַרבע געזאַלצנקייט. דער אַנ־
סופיקער רעש פון ים האָט דעם מעלניקער דערמאָנט אינעם טרוקענעם

גערויש פון אַ טאַרטאַק. ס׳איז ערשט געווען דער צווייטער טאָג ווי די ייִדישע שיף איז אַרויס פון די באַלטיק־וואַסערן. זי האָט אויפגענומען אין צפון־פּאָרט אַ גרויסן טראַנספּאָרט פּוילישע ייִדן — און איצט איז די שיף פּאַוואָליע שוין צוגעשווומען צו עפּעס אַ שוואַרצן, צעריסענעם פלעק אין מיטן ים — אַן אינדזל, אָדער גאָר אַ ווילדער, אַרויסשטייגנדיקער ים־פעלדז. בעת די שיף איז צוגעקומען נעענטער — האָט יוסף גבריאל דערזען, אַז דאָס איז טאַקע בלויז אַ ווילדער, גרויסער, האַלב־פאַרזונ־קענער ים־פעלדז, מיט שפּיציקע אויפגעהויבענע קאַנטן. פונעם פעלדז האָט זיך אויפגעהויבן פּלוצעם אַנטקעגן הימל אַ כמאַרע ים־פייגל, — ווייסע, דין־גופיקע און שוואַרצגעפלעקטע, וואָס האָבן אַרומגעקרייזט די שיף פון אַלע זייטן. דאָס פייגל־פאָלק, וואָס איז ביז איצט געווען פאַר־באָרגן אין ימיקער איינזאַמקייט צווישן די פעלדז־שפּאַלטן, האָט מיט זיין פויגלש געשריי געשוועבט איבער דער שיף מיט די נאָך שלאָפנ־דיקע מענטשן. פאַר יוסף גבריאלן איז דאָס געווען אַ גוטער סימן: אָט זענען זיי, גאָטס שוועבנדיק געפליגל, די ערשטע באַשעפענישן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייער פעלדזיקער איינזאַמקייט, כדי אויסצו־שרייען מיט זייערע שלאַנקע, שיינע פייגל־העלדזער, דאָס שטומע וואָרט פון באַגריסונג פאַר דער שווימענדיקער ייִדישער־שיף מיט אירע מענטשן. צי געשעט נישט דאָ גראָד אַזוי ווי אַמאָל. אַמאָל — אין יענע ווייטע חומש־צייטן? צי איז נישט די שיף די לעצטע אָפּגעראַטעוועטע ייִדן־תיבה, וואָס שווימט איצט אַוועק פונעם אַררט־באַרג, אַ פרידלעכע איבער די וואַסערן, נאָכן איינגעשטילטן מבול? בעת די שיף האָט זיך דער־ווייטערט פונעם אָרט זענען נאָך די קליינע, צעפלאָשעטע פייגל־כמאַרעס מיטגעשווומען מיט דער שיף אויף אַ קליינעם מרחק און דערנאָך, ווי פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם צייכן, האָבן זיי זיך אַלע צוריק אומגעקערט צום גראָען, איינזאַמען ים־פעלדז אין מיטן ים, איבערלאָזנדיק אין דער לופט זייער אויסטערליש דין־שפּיציק פויגל־געשלוכץ.

גראָד היינט איז ר׳ יוסף גבריאל געשטאַנען לענגער ביים רונדיקן פענצטערל. אפשר מחמת דעם אויסטערלישן פייגל־פאָלק, וואָס איז נאָר־וואָס געהאָנגען איבער דער שיף און דערנאָך פאַרשוווּנדן; אפשר מחמת

די וואַסער־טראָפּנס, וואָס האָבן אַזוי ווילד געשלאָגן אין דער שויב — און אפשר מחמת גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש. דער הימל איבערן ים איז נאָך געווען נאַכטיק־קלאָר, מיט בלאַסע, איינצלנע, דערטרונקענע שטערן. די דריי ייִדן, זיינע שלאָף־שכנים, זענען היינט אַרויסגעגאַנגען זייער פרי. זיי קערן זיך אום ערשט ביי נאַכט, כדי דאָ צו שלאָפן. אַ גאַנצן טאָג דרייען זיי זיך איבערן שיפדעק, קריכן אָן אויפהער איבער די שטיגלעך און לייטערס, גייען אַריין אינעם שוואַרצן מאַשינען־חדר, ווו זיי שמועסן שעהענווייז מיט די ייִדישע בערדיקע ים־לייט. די דריי קאַיוטע־שכנים זענען געווען פּראָסטע, מגושמדיקע ייִדן און דער מעלניקער סופר האָט אויסגעמיטן מיט זיי צו רעדן, כדי נישט נכשל צו ווערן, חלילה, מיט עפּעס אַ תנועה, אַ רעיון, אָדער אַ רמז, וואָס וואָלט געקאָנט די מענטשן מצער־זיין. נישט טאָן קיין צער צו קיין שום באַשעפעניש — פון אַ פויזענ־דיקער מוראַשקע ביז, להבדיל, אַ מענטש, וואָס איז געשאַפן אין זיין געשטאַלט. דאָס איז געווען די איינציקע תפילה פון מעלניקער סופר. ער פלעגט ערשט אַרויסציִען דעם טלית פון טשעמאָדאַן, בעת די דריי ייִדן פלעגן אַרויס פון דער קאַיוטע. דעמאָלט האָט טאַקע ר׳ יוסף גבריאל זיך געקאָנט אַוועקשטעלן לעבן פענצטערל און אָנטאָן אויך די צוויי פּאָר תפילין. און דאָ, ביים קיילעכדיקן ים־פענצטערל, האָט ערשט דער סופר סת״ם זיך געקאָנט איבערענטפערן צו אַלע שטילע, מענטשלעכע, ייִדישע תפילות — צי דאָס זענען געווען די פאַרהייליקטע דורותדיקע תהילים־ווערטער, אָדער גאָר קליינע, אָפּגעהאַקטע, וואַרעמע ייִדישע זיפצן אויף זיינע קוים־געעפנטע ליפּן, וואָס האָבן אים געבראַכט צו התרוממות הנפש.

נישט תמיד האָט ער געקאָנט אַזוי בשלווה מתפלל זיין — דער מעל־ניקער סופר סת״ם. שווערע אָפּגרונטיקע וואַסערן האָבן אים פלוצעם געצויגן אַראָפּ, אַראָפּ ווי אין אַ פאַרזומפּיקטן דנאָ. פון דאָרט האָבן זיך אויפגעהויבן צו אים די אויסטערלישסטע טיף־ימיקע, גליטשיקע וואָרצל־פלאַנצן, וואָס האָבן געהאַט די צעשווימענדיקע געשטאַלט פון וואָגלענ־דיקע ייִדישע קעפּ און פון ליימיק־צעשפּאָלטענע גופים. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן צו אים אויסגעשטרעקט בלאַנקענדיק שאַרפע און

ריזיקע חלפים. ס׳האָבן צו אים געשמייכלט מיט טויטע, קאַלטע שמייכלען משונהדיקע באַשעפענישן, האַלב־פֿרעמדע, האַלב־נאָענטע, וואָס האָבן לחלוטין נישט געהאַט קיין אויגן, נאָר בלויז דורך זייערע צעשפּרייטע גיפטיק־דינע ליפּן האָבן זיי פון זיך אַרויסגעכאַרכלט די־אָ שוואַרצע, דנאָיִקע, טויטע שמייכלען. צי גייען זיי אים נאָך — די שאָטנס פון ד אָ ר ט ן, אַלע די, וואָס זענען פאַרשוווּנדן אין די נישטפאַראַנענע אָפּ־גרונטיקע טויט־געלעגערס? צי וועלן זיי שוין קיין מאָל נישט אָפּטרעטן פון אים? פון אים, וואָס וויל אָנהייבן אויף ס׳נײַ פירן מיט זיין האַנט גאָטס שריפט פאַרן מענטשן — די שריפט, וואָס איז פול מיט אייביקן ליכט, מיט רחמים און טרייסט?

ס׳פלעגט לאַנג, לאַנג דויערן ביז דער מעלניקער סופר סת״ם האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון דעם־אָ פינצטערן, גיהנומדיקן ים־דנאָ. ער איז דעמאָלט אַריין אין גאָר אַנדערע וואַסערן. איבער זיי האָט מילד און רחמימדיק געוואַרעמט די זון. ער איז איצט, דער מעלניקער, געווען געגליכן צו אַ קרישטאָל־ריינעם, צאַפּלדיקן פיש, וואָס איז געפאַנגען פון גאָטס אויסגעשפּרייטער ליכט־נעץ. אויף ס׳נײַ האָט ער געקאָנט אויפ־הייבן זיינע אויגן צום הימל, אַ באַפרייטער פון אַלע קוועלנדיקע מחשבות און יענעוועלטיקע רעיונות. אַפילו דאָ, אויף דער וואַקלדיקער שיף, האָט ער אויף ס׳נײַ אָנגעהויבן טאָן זיין סופרישע מלאכה. אַמאָל, אַמאָל האָט ער געמוזט האָבן צו זיין סופרישער סת״ם־עבודה דעם שווערן, גלאַטיק־דעמבענעם ירושה־טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מעלניקער ספרים־אַלקער אויף זיינע געשניצטע, גבירותדיקע נידעריקע לייבן־פיס. און פלוצעם האָט ער דאָ, אין מיטן ים, אויף דער קרום־הוידנדיקער און פאַלנ־דיקער שיף, דערקענט, אַז וואָס מערער דער קאַיוטע־דיל איז קרומלעך־פאַרבויגן און וואָס מערער די שיף וואַקלט זיך און איז שוין באַלד גע־גליכן צו אַ געשפּאַלטענער, הוילער נוס־שאָל אויף די וואַסערן — אַלץ שלימותדיקער, גלייכער, הייליק־געפורעמטער און שטילער גייען אַרויס פון אונטער זיינע פינגער די געכתיבהטע יידישע אותיות. דאָס טאַקע איז געווען פאַר ר׳ יוסף גבריאלן אַ גרויסער חידוש, וואָרעם דער שיף־דיל איז ס׳רוב געשטאַנען שיפּועדיק, קרומלעך פאַרבויגן — און ער

אַליין, דער סופר סת״ם, איז אויך געווען ווי אַנגעהאָנגען אין אַ חלל. אָבער די פּעדער אין זיין האַנט איז פון דעסטוועגן זיכער און פּאַוואָליע געגאַנגען איבערן שמאָלן פּאַרמעט־פּאַסיקל, ווו די אותיות האָבן געפּויזעט אינעם ליכט ווי גאָטס הייליקע, קליינע מוראַשקעס. דער מעלניקער סופר האָט אין דעם אַלץ געזען די סודותדיקע התגלותן פון די הימלישע כוונות, וואָס שיצן זיינע אָפּגעמאָגערטע, שוואַכע סופרישע הענט אַפילו דאָ, איבער די אָפּגרונטיקע ים־טיפענישן.

*

פאַר וואָס ר׳ יוסף גבריאל איז נישט געגאַנגען יעדן טאָג דאַווענען אין שיף־שילעכל מיט מנין — אַ חוץ בלויז שבת — איז געווען דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיך מתרחק־זיין אַפילו אויף אַ שעה פון זיין סופרישער מלאכה. ער האָט געוווּסט, דער מעלניקער, אַז גראָד אַזוי גיך ווי אַ ברענענדיקע צווייג ברעכט־זיך פונעם בוים און פאַלט פאַרקוילט אַראָפּ אויף דער ערד — גראָד אַזוי גיך ווערט איינגעבראָכן דעם מענטשנס הייליקער ווילן, בעת ער קומט זיך צונויף מיט די ליאַרעמ־דיקע, הויל גאַווהדיקע שיף־מענטשן. אַפילו שבת איז דאָס קליינע שיף־שילעכל געווען האַלבליידיק פון מענטשן. מ׳האָט קוים געקאָנט צונויפ־נעמען אַ מנין. דער שיין־געשניצטער אָרון־קודש איז אַ גאַנצע וואָך געווען געשלאָסן. אויף די פּאָר ווייסע, געהובלטע בענק זענען געלעגן אַלטע, צעשאָטענע סידורים. ער האָט זיך שטאַרק מצער געווען, דער מעלניקער, פון דער גראָער פּאַרוואָרלאָזטקייט און ליידיקייט, און דער עיקר — מחמת דעם, וואָס גראָד קעגנאיבער דעם שילעכל, אין זעלביקן פּרוזדורל, האָט זיך געפונען דער שיף־באַר. אַ גאַנצן טאָג האָבן דאָ יידן, אויסגע־מישט מיט ווייבער און הייזעריקע, בערדיקע ים־לייט, הויך געשריען, געדוויכערט און געטרונקען כלערליי שאַרפע געטראַנקען. דער דאָזיקער רעש האָט זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. פון דעסטוועגן איז דעם מעלניקערס פרום האַרץ געווען איצט רויִק און פאַרגאָסן מיט אַן אַלט־דורותדיקער, יידישער פרייד: אויף דער טיר־פראַמוגע, ביים איינגאַנג צו יעטוועדער שיף־קאַיוטע, איז געהאָנגען אַ שמאָלע, שיינע מזוזה און פון

איר סאַמע מיטן האָבן אַראָפּגעלויכטן די שיין־אויסגראַווירטע, שוואַרצע דריי אותיות: ש ד י.

ר׳ יוסף גבריאל, דער מעלניקער סופר סת״ם, איז נאָך נישט געווען קיין זקן. זיין זיקנהקייט האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן ווי נאָר ער האָט ווידער געקאָנט נעמען די אָפּגעראַטעוועטע סופרישע פּען אין די הענט אריין. זיין גוף, אַ שמאַלינקער, אַ בזיריש־פּאַרטרוקנטער, איז געווען תמיד שטאַרק פאַרבויגן ווי אַ פּוילישע קראַנקע ווערבע, געטריבן פון אַ ווינטער. אָבער דאָס איז נישט געווען מחמת זיקנה, נייערט געקומען איז דאָס צו אים פון זיינע שאַרף־האַרבאַטע אַרויפשטייגנדיקע פּלייצע־ביינער, פונעם שטענדיקן זיצן פאַרבויגן איבערן טיש ביים טאָן זיין מלאכה. אַזוי געשעט תמיד מיט די, וואָס טוען זייער אַרבעט איינגעבוקטערהייט. די צוויי האַרבאַטע פּלייצע־ביינער זענען ביי אים געווען הויך־אַרויסגעהויבן אַזוי, אַז דער, וואָס האָט נישט געוווסט וואָס אַזוינס ס׳איז דעם דאָזיקן מענטשנס טעגלעכע מלאכה, וואָלט געקאָנט מיינען, אַז ר׳ יוסף גבריאל איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ מום. אַפילו בעת ער פלעגט שטיין אויסגעגליכן פלעגט מען אויך אָנזען זיינע פלייצע־ביינער — שאַרפע, קאַנטיק־האַר־באַטע ווי שפּיציקע בערגלעך. די דריי שלאָף־שכנים זענען לכתחילה געווען פול מיט תרעומות הלמאי מ׳האָט זיי צוגעטיילט אין קאַיוטע אַ משונהדיקן ייִד מיט אַזש צוויי האָרבן... אפשר דערפאַר טאַקע זענען זיי קיין מאָל ביי טאָג נישט געבליבן אין קאַיוטע, פון וואָס דער מעלניקער איז דווקא געווען גאָר צופרידן. דאָ, אין דער שיף־קאַיוטע, האָט ער געלאָזט גאָר פרי אַראָפּפאַלן זיינע פאות איבער די באַקן, ווו זיי האָבן דערגרייכט אַזש צו די באָרד־שפּיצן — נישט ווי דאָרט, אין מאַגניטאָ־גאָרסק און שפּעטער אין פוילן, ווו ער האָט זיי יאָרן געטראָגן בגנבה פאַרלייגט אונטערן טיפן, נישט־ייִדישן היטל. גראָד ווי זיין גוף האָט פון זיך פאַרטריבן די זיקנה בעתן פירן מיט דער פען, אַזוי האָבן אויך זיינע פאות, די באָרד און אַפילו די ברעמען גיך צוריקבאַקומען אַ ציטערדיקע שטראַליקייט. זיינע אויגן, פאַרגליווערטע אייז־קוועלעכלעך פון אייביקער ייִדישער אבלות, האָבן אויף ס׳ניי אָנגעהויבן צו לייכטן מיטן ליכט, וואָס פלייצט פון גאָטס פאַרבאָרגענעם פאָטערלעכן רחמים צו די געשלאָגענע.

זיינע פינגער האָבן אויף ס׳נײַ דאָ אויף דער שיף, אַזוי גרינג זיך באַוועגן ביים אויספורעמען די יידישע תפילה אויף די מזוזה־פאַרמעטלעך. אַמ־מיינסטן האָבן זיינע פינגער געלויכטן מיט אַ דורכזיכטיקער נישטער־דישער ליכטיקייט, בעת ר׳האָט געדאַרפט אָנקומען צום סוף און אויס־כּתיבהן די דריי אותיות: שדי... אין אָנהייב איז זיין גאַנץ נפש ווי פאַרשטיינט געוואָרן. און מחמת זיין יידישער געשלאָגנקייט מיטן טיפסטן עונש, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך נאָכן שוואַרצן גזר־דין פון די לעצטע יאָרן — האָט ער מיט בושה פאַרמאַכט די אויגן און נישט געקאָנט אַפילו אין דמיון אויספורעמען פאַר זיך די־אָ אותיות. ער האָט זיך געראַנגלט מיט זיך — אַ פינצטער, שווער געראַנגל, ווי ער אַליין, דער מעלניקער סופר סת״ם, וואָלט געוועזן אַ זרע פונעם אַשמדאי. מיט פאַרקנוילטע און פאַרשעמטע פויסטן האָט ער געהויבן זיין קאָפּ צום באַשעפער. ער האָט געוואָלט קלאָגן — און נישט געקאָנט. ער האָט געריסן אין זיך דאָס אינגעווייד מיט אַ געשריי נאָך אַ באַשייד פונעם פינצטערן אומגליק. פון ערגעץ נישט איז נישט צו אים געקומען דער מינדסטער אָפּהילך און ענטפער, גראָד ווי זיין שטום, האַרץ־קלאָגעניש וואָלט געווען אַ שטויביקער ווינט אין אַ מידבר. און אין דעם אַ מידבר, אַן דעם שוואַכסטן שאָטן פון אַ גרעזל און אָן דעם מינדסטן שימער פון אַ שטערן — האָבן זיינע פיס פּלוצעם אָנגעטראָפן דעם באַהאַלטענעם קוואַל פון זיס וואַסער. ער האָט געפלייצט, דער קוואַל, פאַרבאָרגן צווישן טויטע, מידברדיק־פאַר־שטיינטע קוסטעס. אַ פאַרברענטער פונעם אומקלאָרן גזר־דין האָט ער זיינע ליפּן צוגעטראָגן צום פליסנדיק זיסן, שטילן וואַסער. און דעמאָלט איז מיטן מעלניקער געשען אַ נס: ער האָט צוריק געעפנט זיינע צונויפ־געקנוילטע פויסטן און זיי אַראָפּגענומען פונעם פאַרשטיינטן האַרץ. מיט די פינגער האָט ער פאַוואָליע אונטערגעהויבן די אויגן־לעדלעך, כּדי אויף ס׳נײַ צו זען דאָס ליידיקע אָרט פאַר די דריי הייליקע אותיות. אַרום זיינע פינגער האָט געבריט אַ שטראַליקע היילנדיקע וואַרעמקייט — ווי נאָר ער האָט אויף ס׳נײַ גענומען די פּען אין האַנט. און בעת דער מעל־ניקער האָט שוין געפירט מיט דער האַנט איבערן אויסגעגליכענעם פאַר־מעטל — האָט אַ קליינער, צעבראָכענער זון־שטראַל זיך געלייגט פאַר

יעטוועדן אות. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שנירל פּאַרגליווערטע ליכט־טרערן, וואָס איז צעשניטענערהייט געפאַלן פון די פאַרזיגלטע, שווייגנ־דיקע מידבר־הימלען.

די שיף, מיט דער פלאַטערנדיקער ייִדישער פאָן אויפן הויכן מאַסט, האָט געפירט ר׳ יוסף גבריאלן איינעם אַליין. אָן ווייב, אָן די איידעמס, שנורן און אייניקלעך אין לאַנד פון די אָבות. אין תוך איז דער מעלניקער נישט געווען אויף דער שיף דער איינציקער, וואָס האָט קיינעמען מער נישט געהאַט. ווען נישט דעם תקיעת־כּף, וואָס ער האָט געגעבן זיין ווייב, דעם סקערניעוויצער רבס טאָכטער, בעת איר אָפּשטאַרבן תיכף ביים אריינגיין אין אָפּגעצוימטן געטאָ — וואָלט ער אפשר לחלוטין זיך נישט געפונען איצט דאָ, אויף דער שיף. זי האָט אים באַשווירן מיט אַלע שבועות צו אַנטלויפן וואָס ווייטער פונעם דייטשן אשמדאי. ער פאַרשטייט נאָך נישט ביז איצט ווי איז דאָס אַלץ געשען און ווי אַזוי האָט דער נס אים דערנאָך געפירט צוריק קיין פוילן פון יענעם סיבירער העק. אָבער נישט בלויז מחמת דעם תקיעת־כּף אַליין שטייט איצט דער מעלניקער ביים קאַיוטע־פענצטערל אויף דער ייִדישער שיף. דאָס האָט זי, דעם סקערניעוויצער רבס טאָכטער, אים אויך באַשווירן, אַז אויב דער באַ־שאַפער וועט באַשירעמען זיין לעבן — זאָל ער אירע ביינער, נאָך דער וויסטער מלחמה, אַריבערפירן אין הייליקן לאַנד. די ביינער פון זיין פאַרשטאָרבן ווייב האָט ער נישט געקאָנט מיטפירן מיט זיך, האָט ער איר שבועה מקיים געווען אויף אַן אַנדער אופן: אַ טאָרבעלע ערד פון איר געטאָ־קבר ליגט אויפן סאַמע דנאָ פון זיין טשעמאָדאַן. טאַקע מיט דעם אָ טאָרבעלע און מיט די פאַרמעטלעך זענען איצט פאַרנומען יוסף גבריאלס מחשבות, בעת ער שטייט ביים פענצטערל. ער טראַכט וועגן יענער ערד — און זעט ווי די ים־טראָפּנס שלאָגן אינעם פענצטער־גלאָז, ווי זיי בלייבן אַ רגע הענגען ווי האָגלקייקעלעך. די אויפגעהויבענע כוואַ־ליעס פאַרפלייצן דאָס פענצטער־גלאָז. אָבער נאָך דעם פאַרפלייצעניש ווערט דאָס גלאָז קלאָרער און דורכזיכטיקער, גראָד ווי דער ים אַליין וואָלט בכיוון גערייניקט דאָס געשלאָגענע גלאָז, כדי ער, יוסף גבריאל,

זאָל קאָנען בעסער אַריינקוקן אין די אויסגעשפּרייטע, קלאָרע הימלען אי־בער גאָטס וואַסערן.

בעת דער מעלניקער סופר ווישט אָפּ מיט דער דלאָניע זיין פאַר־הויכטן אָטעם פון דער קאַיוטע־שויב, זינקען זיינע רעיונות אין אַן אויס־טערלישן חידוש וועגן גורל און דרכים פון מענטש אויף דער ערד. ער געדענקט, יוסף גבריאל, אַז אַנומלט, נאָך אין די בחורישע יאָרן, האָט ער אַליין געהאַלטן אין דער האַנט אַ זעקעלע ארץ־ישראל־ערד. דאָס האָט דער מעלניקער גביר, דער אַרענדאַר פונעם פּריצס מיל, פון זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל אַהיימגעבראַכט אַ קליין טאָרבעלע מיט זאַמד אין מעלניקער גלות. ער זעט נאָך איצט יענץ זעקעלע ערד פאַר זיך. דאָס זעקעלע איז געווען שמאָל און דאַר ווי אַ הינער־גערגעלע, און אָנגעפּילט מיט אַן אויסטערלישער, האַלברויטלעכער, שיטערער ערד פון הייליקן לאַנד. נישט יעדער איז אין גלות געווען זוכה אויך צו האַלטן צוזאַמען מיט די תכריכים אין פאַרשלאָסענעם קופער אַ טאָרבעלע ארץ־ישראל־זאַמד. און איצט, זע וואָסער וווּנדער, ווי ס'געשעט גאָר פאַרקערט: ער פירט מיט זיך, דער מעלניקער סופר, אַרויס פון דאָרטן, פון געטאָ־בית־עלמין אַ זעקעלע קאַלטע, שוואַרצע, טויטע גלות־ערד. ער פירט עס פון מעלניקער גלות אַריבער אין הייליקן לאַנד, כדי עס אויסצומישן שפּעטער, בעת זיין שעה וועט קומען, מיט דער ערד פון ישראל.

אַ הימלישע, נישטערדישע פרייד נעמט אים אַרום, דעם סופר סת״ם, בעת ער האַלט אין די הענט דאָס זעקעלע פוילישע גלות־ערד. ס'איז געווען אויסטערליש שווער, כאָטש דאָס זעקעלע איז נישט געווען אין גאַנצן פול. אָט איז אַלץ, וואָס ס'איז פאַרבליבן פון גאַנצן הויזגעזינט — פון די איידעמס, שנירן, קינדער און אייניקלעך: — אַ ביסל בית־עלמין־ערד פון איר קבר — פונעם סקערניעוויצער רבס טאָכטער, וואָס רוט אויפן גרויסן, פאַרוואָרלאָזטן מעלניקער געטאָ־בית־עלמין.

ער קאָן ביז איצט נישט משיג־זיין, ר' יוסף גבריאל, פאַר וואָס ס'איז אַזוי לאַנג דאָרטן — צווישן די שמאָלע, בית־עלמינשע דורכגענג און ביי די ראַנדן פון די קברים נאָך געלעגן דער שניי, — כאָטש ס'איז שוין געווען לאַנג נאָך פּסח. בעת ער האָט צונויפגעשאַרט פאַר דער נסיעה

די פּאָר פולע ערד־הויפנס פון ווייבס קבר — האָט זיך מיטן זאַמד אויך מיטגעשאַרט דער שניי, וואָס איז געווען טרוקן, שיטערלעך און אויסגע־זען ווי דראָבנע זאַלץ. אפשר טאַקע מחמת דעם שניי האָט די ערד זיך גאָר לאַנג איצט געהאַלטן פייכטלעך אינעם זעקעלע און אַזוי געשווערט מיט איר ווילגאָטנעקייט. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, יוסף גבריאל, אַז ווי נאָר ער וועט אָנקומען — וועט ער אויף ס'ביי זיך נעמען צו זיין מלאכה, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אַזוי פיל יאָרן. דאָרט, אין לאַנד פון די אָבות, וועט שוין נישט זיין קיין שום מכשול פּאַר זיין עבודה ביזן סוף פון זיינע טעג. דאָרטן, צווישן לויטער ייִדן, וועט דער בלאָער פּאַרמעט פּאַר אים זיך וויקלען אָן־סופיק ווי אַ הימלישע, קלאָרע יריעה. ער, דער מעלניקער סופר סת״ם, וועט קאָנען בשלווה איבערגיסן גאָטס געבאָט אין דער הייליקער שריפט, פון דעם אויך האָבן חיונה, און בלויז דאָס זעקעלע מיט דער פוילישער גלות־ערד, וואָס ער פירט מיט זיך, וועט תמיד בלייבן אַ צייכן, אַז ער האָט מקיים געווען די צוואה פון זיין ווייב, דעם מעלניקער רבס טאָכטער, און איינציייטיק אויך פון דער גאַנצער פּאַרשניטענער מעלניקער קהילה. אים האָט זיך געדוכט ווי ער הערט אַ ווייט, פרעמד קול פליסטערן אין זיין איינגעווייד:

— יוסף גבריאל, זיי אונדז אַ שליח ציבור און אַ מאָנער, וואָרעם ווער וועט הייליקן אונדזער געדעכעניש און זיין שם אויב נישט דו, יוסף גבריאל, דער סופר סת״ם פון מעלניק?

און יוסף גבריאל האָט, הערנדיק אין זיך די שטים — אַראָפּגעבויגן גאָר טיף זיין קאָפּ. ער האָט געוווּסט, אַז ס'וואַרטן אויף אים גרויסע, אויסטערלישע מעשׂים. און בעת ער האָט זיך נאָך מערער איינגעקורטשעט אין זיך, געוואָלט נאָך קלאָרער הערן דעם רוף, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז גאָרנישט יוסף גבריאל פון מעלניק. ער איז גאָר אַ פּאַרבויגן, איינגעקורטשעט ביימל ערגעץ אויף אַ וויסט פעלד, ווו איבער אים, אין אַ גרין־פלאַמענדיק פייער, ס'ציט אַדורך גאָטס שטורמיק, מאָנענדיק קול.

*

שוין אינעם גרויסן לאַסט־אויטאָ, וואָס האָט געפירט די אָנגעקומענע ייִדן מיט זייער געפּעק אַראָפּ קיין דרום פון לאַנד, האָט דער מעלניקער

געהאַט אַ שווער און באַטריבט האַרץ. כאָטש זיין גאַנץ געפּעק איז באַשטאַנען בלויז פון צוויי קליינע, אָפּגעריבענע, שוואַרצע טשעמאָ־דאַנדלעך און אויך פון אַ גרויסער אויפגענייטער טאָרבע, וואָס ער האָט געטראָגן די גאַנצע צייט אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז (גראָד אַזאַ אָ טאָרבע האָט ער געטראָגן בעתן אַנטלויפן פונעם דייטש) — האָבן די ייִדן אויפן אויטאָ געקוקט אויף אים קרומלעך־בייז און מיט אַן אומקלאָרער, באַהאַל־טענער רוגזה. וואָס איז דאָס פאַראַ ייִד, וואָס פאַרט דעם גאַנצן וועג מיט דער אָנגעהאָנגענער טאָרבע און לאָזט זי אויף אַ רגע נישט אַראָפּ פונעם האַלדז? אַריינגעטאָן אין אַ צעשיט ספרל הייבט ער זעלטן אויף דאָס פּנים פון די אותיות — און אַז ס׳געשעט שוין יאָ, הערט ער נישט אויף צו מאָנען פון די ייִדן אין אויטאָ, אַז זיי זאָלן נישט עסן בגילוי ראש — כאָטש דער שווייס גיסט זיך יעדען אין קלעפּיקע שטראָמ־לעך — זיי זאָלן נישט פאַרגעסן צו מאַכן אַ ברכה איבער די גרויסע ייִדישע מאַראַנצן... און נאָך אַנדערע מוסר־רייד. דער מעלניקער האָט אין זייערע אויגן אויסגעזען ווי אַ משולח, אָדער סתם ווי אַ פאַרשטעלטער פויערישער צדיק, וואָס מע ווייסט נישט פון וואַנען ער האָט זיך דאָ גענומען מיט זיין אָנגעהאָנגענער טאָרבע. דער אויטאָ איז געווען איבער־פול מיט געפּעק און מענטשן, מיט צעהיצטע גופים און רויטע פּנימער. מען איז געפאָרן איצט אַנטקעגן דעם ווינט. ער האָט אָנגעטריבן אַ טרוקענע היץ פון ליידיקע פעלד־שטחים, כאָטש איבערן אויטאָ איז געהאָנגען אָנגעצויגן דער פלאַנדעק און אַ ביסל געשיצט די מענטשן פון דער זון. די ייִדישע פעלדער זענען געשטאַנען אין גאַנצן ליידיקע, גראָע. מ׳האָט נישט געזען דעם מינדסטן סימן פון אַ גרעזל. פּאָר אַ סך פון די פאַרנדיקע ייִדן האָבן די פעלדער אויסגעזען ווי די פאַרלאָזטע רוסישע סטעפּעס. ערגעץ ווו, צווישן די זאַמד־בערגלעך, נאָענט צום שאָסיי, איז יאָ געשטאַנען אַ דאַר אויסטערליש ביימל, פאַראיינצלט און איינגעבראָכן. אונטער אים איז געלעגן אַ דורכזיכטיקער און ווי אַן אויסגעשפּינטער, אַ דינער שאָטן. דער שאָטן איז געווען בלאָלעך מחמת דעם הימל, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער דער זאַמד־ליידיקייט און פון זיינע הימל־קוואַלן אַראָפּ געגאָסן אויף דער ערד די אָ געדיכטע, פאַליענדיקע בלאָ־

קייט. אַפילו די זאַמדבערג, נאָענט צום האָריזאָנט, האָבן אויסגעזען איבערגעדעקטע מיט דער בלאָלעכקייט. ר׳ יוסף גבריאל האָט לחלוטין נישט געזען די גראָע, ליידיקע זאַמד־שטחים, וואָרעם זיינע אויגן זענען געווען תמיד אָנגעהאָנגען אויפן הימלבערג, ווי נאָר ער פלעגט זיי אָפּ־רייסן פונעם ספרל. ס׳איז גאָרנישט פאַראַן קיין שום ברעג פון דער ערד, וואָס זאָל זיך אָפּטיילן פונעם הימל — איז אים נאָכגעגאַנגען אַ מטוש־טשדיקע מחשבה. נישטאָ קיין שום פונאַנדערשיידונג צווישן אונטן און אויבן — און דערפאַר האָט זיך דעם מעלניקער אויסגעוויזן, אַז די אַלע זאַמדיקע פעלדער־שטחים אויף מיילן ווייט מיטן פאַליענדיקן חלל איבער זיי — אַלץ איז אַ טייל פונעם אָן־סופיקן קרישטאָליק־בלאָען הימל־כּישוף, אַ מין סודותדיקער געוועב פון מאַכטיקייט, פּראַכט און שיינקייט.

ס׳איז געוואָרן שטאַרק הייס אונטערן ברעזענט־צודעק אויפן לאַסט־אויטאָ. דורך די לויזע שפּאַרעס האָט טייל מאָל געפּאַליעט אַ ביסל פון דער הייך אַ קילער ווינטל, וואָס איז אָבער געווען טרוקן און זאַמדיק. די צוויי לייט, וואָס האָבן געפירט די מענטשן פון דער שיף, האָבן נישט אויפגעהערט די מענטשן צו טרייסטן, אַז אָט־אָט און זיי זענען שוין אויפן אָרט. דאָס פאָרן האָט זיך אָבער געצויגן אַ גאַנצן טאָג, ביז פאַר־נאַכט. די זון האָט זיך שוין געהאַלטן ביים זעצן. איבער די זאַמד־פעל־דער, ביי ביידע זייטן פון שאָסיי, איז געלעגן אַ צעגאָסענע מעשענע רויטקייט. זי האָט אונטערגעצונדן מיט איר פייער די אָפּטרעטנדיקע בלאָקייט. ס׳האָט אויסגעזען ווי פון אונטן, פון דער ערד, וואָלט זיך געעפנט אַ באַהאַלטענער פייער־ים פון גליִיקע שאָטנס, וואָרצלען, קשאַ־קעס און צווייגן. אַלע זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פלוצעם פון דער ערד־אינגעווייד, בעת פון אויבן, פונעם טיפן קרישטאָל־בלאָיִקן הימל־ים, האָבן שוין גענומען אַראָפּבלינצלען צו די מענטשן די ערשטע, גרינע לויכטנדיקע נאַכט־שטערן.

אַז מ׳איז אָנגעקומען אויפן אָרט האָבן זיך די לייט אַרומגעזען, אַז דער משונה־דיקער ייִד מיט דער אָנגעהאָנגענער טאָרבע איז אָן אַ ווייב, אָן משפחה — און ס׳איז דעריבער געווען שווער מיט צוטיילן אים אַ קוואַרטיר, וואָרעם די אַלע וווין-מקומות זענען געווען צוגעגרייט פאַר

משפחות. ס׳איז זיי טאַקע געווען אויך אַ חידוש פון וואַנען דער ייִד נעמט זיך דאָ אויפן אויטאָ. פאַר זיי איז געוואָרן נאָך מערער רעטעניש נאָך דעם ווי דער מעלניקער איז לגמרי נישט געווען אויף דער רשימה. וואָרעם ס׳פלעגט טייל מאָל געשען, אַז בעתן בהלהדיקן אַראָפּגיין פון שיף — האָט מען די מענטשן געפירט נישט אין דעם ריכטיקן מקום. אַזוי האָט אַוודאי געמוזט געשען מיטן מעלניקער... אַזוי צי אַזוי — ערשט גאָר שפּעט ביי נאַכט האָט זיך אָפּגעפונען אַן איינחדרדיקער בנין, שוין מחוץ דעם וווין־שטח, נישט ווייט פון וואַדי, פון וואַנען מ׳האָט געהערט די גאַנצע צייט ווייִנען די שאַקאַלן. דאָס איז געווען אַן אַלט פאַרלאָזן אַראַביש הייזל, וואָס האָט שפּעטער, בעתן בויען דאָ די נייע הייזער, געדינט פאַרן שומר. ס׳איז געווען דאָ וואַסער, אַן אָפּגוס, ברייטע, קאַלטע דיל־שטיינער, דיקע ווענט — ראַציקע, געשפּאָלטענע מיט שמאָלע פענצטערלעך אָן שויבן. גאָר גיך האָט זיך אָפּגעזוכט אַ נידעריק בעטל און אויך בעטגעצייג. מענטשן האָבן צוגעטראָגן אַ ביסל נייטיקע כלים — אַ נאַפּט־מאַשינקע, אַ גלאָז און אַנדערע שטוב־זאַכן פאַרן אויסטערלישן ייִדן, וואָס איז אָנגעקומען אַהער בטעות און אין גאַנצן אַליין. ר׳ יוסף גבריאל איז אַפילו דערפון געווען גאָר צופרידן: ווייט פון טומל, פון טומאה, נישט ווייט פון דער שוועל האָט זיך געצויגן דאָס נידעריקע זאַמד־פעלד, באַוואַקסן מיט קליינע שטעכיקע קשאַקעס, גאָר נידע־ריקער — שיפּועדיק — דער וואַדי, אַ לענגלעכער און שמאָלער טאָל און אויף דער צווייטער זייט פון וואַדי — די געגאָסענע ווייַנבלאַקן פון די נייע הייזער.

ס׳איז שוין געווען שוואַרצער שפּעט־אָוונט בעת די לייט זענען אַוועק און אים איבערגעלאָזט אַליין אינעם אָפּגעזונדערטן, פאַרלאָזטן הייזל. אויפן טישל האָט געברענט די נאַפּטלאָמפּ. דער רויך, אַ בלאָלעכער און פעטער, האָט זיך געהאַלטן גאָר נידעריק אַרום טישל און נישט געוואָלט זיך אויפהייבן אין דער הייך, צו דער סטעליע. אין אַ קאַרטאָן־קעסטל אויפן דיל איז געלעגן שפּייז אָנגעגרייט אויף אַ פּאָר טעג. דאָרט זענען געלעגן: מאַראַנצן, קאַרטאָפל און צוויי פלאַשן בוימל. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ נידעריק, אייזערן בעטל, פאַרדעקט מיט אַ גראָען פלעד.

דער מעלניקער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן טישל און איידער ער האָט געעפֿנט די וואַליזקעלעך איז ער צו צום פֿענצטער און אַרויסגעקוקט. ס׳איז שוין געווען נאָך דער צווייטער אַשמורה. איבערן פֿעלד איז געהאָנגען דער שוואַרצער נאַכטהימל אַזוי נאָענט אַראָפּגעפֿאַלן, אַז ער האָט געקאָנט פֿון דער נאָענט איבערציילן די שטערן. אַ משונהדיקע האַלבע לבנה איז געשווומען אינעם שוואַרצן שטאַרק־באַשטערנטן הימל ווי אַן איבערגעקערט שיפֿל. דער מעלניקער האָט שטילערהייט געפּרעפּלט אַ שהחיינו. דערנאָך איז ער צו צום קראַן און זיך געוואַשן ס׳פּנים. דאָס קראַן־וואַסער, כאָטשע ס׳איז שוין געווען נאָך דער צווייטער אַשמורה, איז נאָך געווען לעבלעך־וואַרעם און גאָלדיק־זאַמדיק. בעת ר׳ יוסף גבריאל האָט זיך געוואַשן ס׳פּנים זענען אים אויף דער באָרד געבליבן קלעפּן אַ סך זאַמדיקע גאָלד־שטויבלעך. ער האָט זיי מיט די נאָך פּייכטלעכע פֿינגער, פּאַוואָליע, פּאַוואָליע אַרויסגענומען פֿון צווישן דער באָרד און זיי אַוועקגעלייגט אויפֿן טישל, ווי דאָס וואָלטן נישט געווען ערדשטויבלעך נאָר גאָר פֿאַרבלאָנדזשעטע און צעבראָכענע גאָטס הייליקע ברויט־ברעקלעך.

ער האָט דערנאָך געעפֿנט די וואַליזקעלעך, אויפֿגעשנירט די גרויסע טאָרבע און פֿון דאָרט אַרויסגענומען די אומצאָליקע פֿאַרוויקלטע מגילהלעך. דאָס זענען געווען מזוזה־פֿאַרמעטלעך, וואָס דער מעלניקער האָט די פּאָר יאָר אין גרויס מסירת־נפֿש אָפּגעשפּאָרט ביזן קומען אַהער. ס׳זענען געווען אַפֿילו אַזעלכע, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אויך דאָרטן, אין מאַגניטאָגאָרסק און זיי פֿאַרענדיקט ערשט אין פּוילן, אַ פּאָר טעג פֿאַרן אַרויפֿגיין אויף דער שיף. זיי זענען אַלע, די פֿאַרמעטלעך, געווען אַרומגעבונדן אין קליינע שטויסלעך מיט ווייסן פֿאָדעם. ס׳זענען אויך געלעגן דאָ קליינע, צעשיטע סידורימלעך, האַלבע צעבראָכענע תהילימלעך אָן רוקנס און סתם בינטלעך צעריסענע, האַלבע שיימעס. די שיימעס האָבן געהאַט אין זיך אַ סך צעפּלאָסענע טונקעלע פֿלעקן ווי פֿון צעגאָסענעם ווייַן. אָדער אפֿשר זענען דאָס געווען טרערן, וואָס די טויטע שיימעס לאָזן קיין מאָל נישט פֿאַרשווינדן פֿון זייער צעריסענעם, פֿאַפּירענעם גוף?

גראָד איצט קומט אים אויפֿן זכרון יענע נאַכט אויף דער שיף, בעת

ער האָט געהאַט דעם משונהדיקן חלום. אים האָט זיך געחלומט זיין זיידענע, שוואַרצע שבת־קאַפּאָטע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין מעלניק פאַרן אַנטלויפן פון דייטש. די־א קאַפּאָטע האָט ער אפשר געטראָגן אין גאַנצן אַ צוויי־דריי מאָל. אין חלום איז זי געווען אַזוי גרויס און צעפלאַ־טערט, אַז ער האָט באַשיימפּערלעך געהערט פון איר אַ פאָכן ווי דאָס וואָלטן געווען די ריזיקע שווערע פליגל פון אַן אָדלער. דערנאָך האָט זיך די קאַפּאָטע צו אים איינגעבויגן און באַקומען פלוצעם די געשטאַלט פון אַ פנים. זי האָט צו אים שוואַרץ געשמייכלט, אָנגערופן זיין נאָמען און אפילו דעם נאָמען פון סקערניעוויצער רבס טאָכטער. אין חלום האָט דער מעלניקער פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ מוז זיין נישט קיין לויטערע זאַך און איז פאַרקניפּט מיט עפּעס אַ כּישוף, אַז די איבערגעלאָזטע קאַפּאָטע טוט אים אָפּ איצט אין חלום אַ שפּיצל. זי האָט טאַקע באַלד געגומען פון די הינטער־קעשענעס אַרויסשיטן אויף אים אומצאָליקע פלאַטערנדיקע שיימעס, וואָס האָבן אין גאַנצן פאַרדעקט זיין גוף. זיי האָבן אים געבריט מיט נישט אָנזעעוודיקע פונקען, פון וואָס זיין באָרד האָט אָנגעהויבן טליִען. ער האָט אָנגעהויבן ווילד צו שרייען אינעם חלום. די דריי שלאָף־שכנים אין דער קאַבינע זענען שוין געווען געוווינט צו זיינע נאַכט־יללות און אַפילו אים נישט געפרוווט איבערוועקן. ער האָט זיך אַזוי לאַנג געוואָרפן אין גאַנצן אַ טליִענדיקער אויפן געלעגער ביז דאָס קאַפּאָטע־פּנים איז פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך לאַנג געקוועלט, דער מעלניקער, ביז ער האָט פאַרשטאַנען דעם רמז פון חלום. און אַז ס'איז געוואָרן פאַר אים קלאָר זיין באַשייד — זענען פון זיין האַרץ אָפּגעפאַלן אַלע קלעמונגען, פּחדים און יללות. ער האָט זיך געזען אַן אויסדערווײלטער, ר' יוסף גבריאל, דער סופר סת"ם פון מעלניק, איבערצוטראָגן ס'הייליק ייִדיש־קייט פון דאָרטן, מיט די דורותדיקע גרויסע סגולות און מידות, וואָס ליגן אין די צעריסענע, פאַרפלעקטע אַלטע שיימעס. אויפבינדנדיק איצט די טאָרבע האָט ער פון צווישן די אַלע פאַרוויקלטע מזוזה־פאַרמעטלעך אָפּגעקליבן איינס אַ לענגלעכס און שמאָלס, אַראָפּגעלאָזט עס אין אַ הילצערן שיידל און דערנאָך עס אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר־ראָם פונעם הייזל. ער האָט זיך דערנאָך אומגעקערט צום בעטל, זיך אָוועקגעלייגט

אין די מלבושים און אַריינגעקוקט אין דער צעבראָכענער לבנה. דאָס איבערגעקערטע שיפל האָט זיך דערווייל נאָך נידעריקער געהאַט אַראָפּ־געלאָזט צו דער ערד. דער מעלניקער איז אַריינגעפאַלן אין שלאָף. שלאָפנ־דיקערהייט האָט זיך אים געדוכט, אַז ער אַליין זיצט אין דאָיקן שווימענ־דיקן, לייכטנדיקן לבנה־שיפל: ער שווימט, שווימט אין דער וואַרעמער, בלאָלעכער נאַכטפינצטערניש צום נאָענטן איינזאַמען נאַכט־שטערן, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פונעם גרויסן שטערן־וואָגן.

*

אויפן דריטן טאָג האָט זיך שוין גענומען אויסלאָזן דאָס ביסל שפּייז אין די גראָע, דיקלעכע קאַרטאָנען. אויף זייער דנאָ זענען בלויז פאַר־בליבן די לעצטע, האַרטע, טרויעריקע ברויט־רינדלען. צוויי טעג איז דער מעלניקער געווען פאַרנומען מיט צונויפלייגן, רייניקן און אויסגלעטן די פאַרקנייטשטע, פאַרקלעפּטע שיימעס פון דער טאָרבע. ער האָט אַפילו פאַרגעסן אינעם הונגער. אפשר טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט זיך אַ הונגע־ריקער געלייגט שלאָפן אויפן בעטל, האָט יוסף גבריאל אַ גאַנצע נאַכט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער אין שווערע, זמאַריקע חלומות. פאַר די אויגן זענען אים דורכגעשווומען נישט־גוטע, שווערע חזיונות. ער האָט אין שלאָף באַשיימפּערלעך געהערט אַ העשנדיק, לאַנג־צעצויגן וויינען פון קינדער. דאָס געוויין איז געקומען פון הינטערן פענצטער און לעבן דער שוועל. אין מיטן שלאָף האָט ער זיך אַפילו איין מאָל איבערגעוועקט, געעפנט די אויגן און זיך צוגעהערט. גאָר הויך איז געשווומען אַרום אים אימהדיק־שוואַרץ דאָס העשנדיק שפּיציק-דין געוויין. וואָס קאָן דאָס זיין? דער מעלניקער האָט עס בשום אופן נישט געקאָנט תופס זיין. ער האָט געטראַכט: אפשר חלומט זיך אים נאָך דאָס אַלץ? און בעת ער איז אַ געליימטער אויף ס׳ניי אַראָפּגעזונקען אינעם שלאָף — האָט אים נאָך לאַנגע שעהען באַגלייט דאָס־אָ אויסטערלישע קינדער־געוויין הינטער די פענצטערלעך. ער האָט נישט געוווּסט, אַז נאַכט נאָך נאַכט קומען דאָ אַרויף פונעם שמאָלן געבערג־טאָל, פונעם פינצטערן וואַדי, די קליינע סטאַדעס פון יונגע, הונגעריקע שאַקאַלן. פון וואַנען האָט ער עס געזאָלט וויסן, דער מעלניקער? ער האָט דאָס אַלץ אָנגענומען גיכער ווי די

צערייצטע, בייזע קולות, וואָס דער שׂטן אַליין שליידערט מיט לאַכנדיקן שפּאָט און פֿאַלש געוויין אַריין אין מענטשלעכן חלום, כדי צו פּייניקן דעם שלאָפֿנדיקן גוף. אַפילו אינעם שלאָף, וואָס דער דערבאַרעמדיקער וואַרפֿט אַרויף אויפֿן פּאַרוואָגלטן מענטשן, קומען צוריק די כּף־הקלעדיקע גיהנום־קולות. פֿון וואַנען קומען זיי — דאָס הינט־בילעניש און קינדער־וואָיעניש, די רויטע שפּיציק־אויסגעשטרעקטע צינגלעך, פֿון וואַנען ס׳טריפֿט אַזאַ טומאהדיקע, רויטע, בייזע פּליסיקייט? צי איז ער נישט, דער מעל־ניקער, גלייך פֿונעם שלאָף, אַריינגעוואָרפֿן געוואָרן אין גיהנום־פּרוזדור? און אפֿשר זענען עס גאָר דיווידערקולות פֿון יענע וויסטע נעכט פֿון דאָרטן, בעת ער איז אַ באָרוועסער געלאָפֿן פֿון דייטש, פֿונעם ברענעג־דיקן מעלניק? ער וואָלט געשווירן, אַז ער האָט אַפילו בולט געזען דעם שפּיציקן קאָפּ פֿון יענעם דייטשן וואָלף־הונט, וואָס האָט אים אַרויס־געטריבן פֿון שטוב (דאָס איז געווען אַ טאָג נאָכן ווייבס טויט), בעת ער האָט אַפילו נישט באַוויזן מיטצוכאַפּן די נייע שבת־קאַפּאָטע... און אפֿשר, ווער ווייסט, אפֿשר קלאָגט אַזוי אין חלום טאַקע די פֿאַרלאָזטע שבת־קאַפּאָטע, אַ צעריסענע און צעפּליקטע, אין אירע צעשונדענע דינע פּאָסן צווישן די שפּיציקע ציין פֿונעם דייטשן וואָלף־הונט? צי ליידט אויך נישט יסורים דער צעשונדענער דומם — דאָס טויט־צעפּליקטע ייִדישע שבת-מלבוש? ווער ווייסט, צי וויינט נישט אויך די נשמה פֿון יעטוועדן דומם, בעת ער פֿאַלט און ווערט באַזיגט פֿון רציחה?

אויפֿן פֿערטן טאָג האָט דער מעלניקער דערשפּירט אַזאַ אָפּגעשוואַכט־קייט פֿון נישט־עסן, אַז ער האָט לחלוטין געהאַט פֿאַרגעסן אין די ווילדע חלומות מיט די אַלע יללות. זיין בליק איז געוואָרן אַ מטושטשדיקער, זיין מחשבה — אַ ביסל אַ מבולבלע. ווי נאָר אָבער ער האָט זיך אַ ביסל געשטאַרקט מיטן לעבלעך־וואַרעמען קראַן־וואַסער, האָט ער זיך גע־כאַפּט, אַז ס׳איז אַ חטא צו בלייבן כאָטשבי איין טאָג אָן עסן, אַליין און אָפּגעזונדערט פֿון מענטשן. וואָרעם דאָס אַלץ, וואָס געשעט מיט אים אין די נעכט, קומט צו אים, ווייסט ער, נישט אַנדערש ווי נאָר פֿון הונ־געריקן גוף. ער האָט זיך אָבער געפֿרייט, וואָס ער האָט שוין בעת די צוויי טעג געטאָן דאָס זייניקע. די טאָרבע איז שוין געווען אויסגעקלאַפּט,

אַ זויבערע פון די גרינלעך־פאַרשימלטע ברויט־ברעקלעך. אין איר האָבן געלויכטן די אָפּגעזויבערטע ריינע יידישע הייליקייטן.

דעם זעלביקן באַגינען, ווי נאָר ר׳ יוסף גבריאל איז אַראָפּ פונעם בעטל, האָט ער אויף דער גיך זיך געוואַשן ס׳פּנים, אָפּגעדאַוונט, זיך אויסגעגלעט די באָרד און די פּאות און גיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די שוואַרצע קאַפּאָטע. ער האָט אַפילו אויסגעזען אויסטערליש אין זיין לאַנגן, שוואַרץ־רבישן לבוש, בעת אויפן קאָפּ ביי אים איז נאָך געזעסן אַלץ דאָס פלאַכע, גראָ־פוילישע מאַטשעיווקע־היטל. ווען נישט דאָס היטל, וואָלט מען טאַקע געקאָנט מיינען, אַז ס׳איז דאָ אַריבערגעקומען ווינען פון ירושלים אַ ישיבה־רבי. די פּאות און די באָרד זענען דעם מעלניקער אַראָפּגעהאָנגען צעשויבערטע, צעוויכערטע, בעת די שווע־בנדיקע עקן פון דער קאַפּאָטע פלעגן זיך תמיד פאַרטשעפּען אינעם גיין צווישן זיינע הויכע, שוואַרצע פויערישע שטיוול. באַלד דערנאָך האָט ער פאַרוואָרפן איבער זיין האַלדז און נאַקן די לויזע פּאַסקעס פון דער טאָרבע. זי איז אים אַראָפּגעהאָנגען פון פראָנט ביז צו די קני־קנעכלעך. ער האָט זי געטראָגן זייטיק, אַזוי ווי ס׳טראָגן פויערים זייער טאָרבע אָנגעפּילט מיט קערנער, שפּאַנענדיק צווישן די פעלד־ברוזדעס, בעתן וואַרפן אין דער ערד די זוימענס. אין דער טאָרבע פון מעלניקער סופר זענען געלעגן אַחוץ די מזוזה־פּאַרמעטלעך, אויך קליינע, לויז־געוואָרענע סידורימלעך, אַן אַלט, קרומלעך אייזן־העמערל, וואָס איז שוין געווען שטאַרק פאַר־זשאַווערט פון ראָסט. דער זשאַווער האָט מיט דער צייט געקריגן אַ ווייכן אָפּגלאַנץ פון גרינלעך גאָלד, ווי ס׳געשעט מיט אַלט־יאָריקן זשאַווער אויף אייזן. אויך האָט דער מעלניקער געהאַט אין דער טאָרבע אַ שקע־טעלע מיט שטאָלענע שטיפטלעך, וואָס האָבן געהאַט בלאָלעכע, קרומע פיסלעך. בעת ער איז אַרויס פון שטוב — איז פאַר דער שוועל נאָך געלעגן די פרימאָרגן־בלאָקייט. דער מעלניקער האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט. אַ פאַרגאַפטער און פאַרבליפענער האָט ער אויף ס׳ניי דאָס ערשטע מאָל, נאָך אַזוי פיל יאָרן, דאָ דערזען די נאַקעטע פראַכט פון גאָטס פאַרבאָרגענער נאַכט־שאָנקייט — איידער די זון קומט־אַרויס פון

צווישן די ירושלימער באַרג־נעפּלען. די ערד ביי זיינע פיס איז געווען איבערגעוואָרפן מיט שיין־אויסגעשפּינטע בלאָע פלעקן־טישטעכלעך. אַ ווייסער, אָנגעצונד׳ענער באַרג־וואָלקן האָט שוין אַריינגעוואָרפן אין טאָל זיינע שפּיציקע, ראָזיקע שפּיזן, וואָס האָבן פאַרטריבן די טאָל־פינצטערניש. ערשט איצט האָט דער מעלניקער דערזען אויף סאַראַ ווייטן מרחק זיין ווינהייזל איז געשטאַנען אין אַ זייט, אָפּגערוקט פון די אַלע שיין־געבויטע נייע הייזער. ער האָט זיך קוים, קוים אַרויסגעריסן פונעם כישוף־געפענקעניש. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען, לכתחילה פּאַוואָליע, שפּעטער שוין מיט גרויסע גיכע שריט אַראָפּ צום טאָל, מיט דער אָנגע־האָנגענער טאָרבע אויפן האַלדז.

ער האָט ווידער דערפילט אַ שטאַרקן הונגער, דער מעלניקער. אָפּ־גייענדיק בלויז עטלעכע שריט האָט ער שוין דערפילט אַ דורכדרינגלעכע זון־היץ אויפן רוקן, ווי ער וואָלט געטראָגן אויפן נאַקן אַ צעגליטע בראָט־פאַן. ווי גיך זי איז אַרויס, די זון, פון צווישן די בערג!... אין דער גאַנצער לענג פונעם וואָדי זענען געשטאַנען קליינע צעשויבערטע ביימלעך. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שאָטן פונעם ערשטן ביימל און אָנגעלענט זיין גוף אויף אים אונטער די צווייגן. דאָס ביימל האָט זיך מחמת דעם אַ פאַרבייג־געטאָן — אָדער אפשר גאָר פונעם פלוצעמדיקן ווינט — און פון צווישן זיינע בלעטער זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד צו מעל־ניקערס פיס גרינלעכע, לענגלעכע איילבערטן. ר׳ יוסף גבריאל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ נס — מחמת דעם הונגער, וואָס ער האָט נישט געקאָנט בייקומען מיט קיין שום מחשבות. ער האָט זיך איינגעבויגן און אויפגעהויבן אַרום זיך אַ פולע זשמעניע. ער האָט זיי לכתחילה אַרומגע־ווישט פון שטויב, דערנאָך פּאַוואָליע געמאַכט אַ ברכה. די איילבערטן זענען געווען נאָך יונגע. האַרביק־ביטערלעכע און באַהויכטע מיט דער גראָלעכער פייכטקייט פון נאַכט־טל. די הויט זייערע איז שוין געווען גענוג האַרטלעך ווי אַ נוס־שאָל, אָבער טיפער, אונטער דער שאָל, איז דאָס איילבערטן־פלייש נאָך נישט געווען אין גאַנצן זאַפטיק און בלויז אָנגעגאָסן מיט אַ פליסיקער געזאַלצנקייט. דער מעלניקער האָט אויפ־געהויבן זיינע אויגן איבער זיך, אַרויף צום איילבערט־ביימל. אומצאָליק,

און פאַרבאָרגן צווישן די בלעטער, זענען זיי געהאָנגען, די איילבערטן, ווי קליינע אויסגעלאָשענע שטערן. אַ רגע האָט ער געטראַכט אָפּצורייסן נאָך עטלעכע, כדי צו האָבן אויף שפּעטער. אָבער די האַנט זיינע האָט זיך עפּעס צו זיי נישט אויסגעשטרעקט. ער איז אַרויס פונעם ביימל־שאָטן און זיך געלאָזט גיין מיטן שטעגל לענג־אויס פון די אַנדערע איילבערט־ביימלעך. אונטער יעדן ביימל, אין שאָטן, זענען געלעגן פאַר־טרוקנטע, שוין האַלב־פאַרברענטע, די אַראָפּגעפאַלענע איילבערטן. ער האָט זיי גענומען גאָר פאַרזיכטיק און מיט פרומער פאַרכטיקייט אויפ־זאַמלען פון דער ערד מיט דער כוונה זיי אַריינצולייגן אין דער טאָרבע. האַלטנדיק זיי אויף דער האַנט־פלאַך האָט ער דערזען, אַז אַלע זענען זיי געווען אַרומגעביסן פון די הונגעריקע וואַדי־פייגל. טייל איילבערטן האָבן שוין אַפילו געהאַט אָפּענע פאַרטיפונגען, ביז צו דער יאָדער. ער האָט צו זיך אַליין עפּעס געמורמלט, דער מעלניקער, און צוריק צעשאָטן די איילבערטן אויף דער ערד. אַ ליכט־שאָטן האָט פלוצעם דורכגעפלאַטערט זיין דמיון. ס'זענען אים געקומען אויפן זינען יענע מיטוואָנדערנדיקע פוילישע פייגל, וואָס האָבן בעתן אָנקומען פון דייטש, צוזאַמען מיט די אַנטלויפנדיקע יידן פון גאַנצן מעלניקער פּאָוויאַט, געצויגן איבער די פוילישע פעלדער. ס'איז טאַקע געווען אויסטערליש דעמאָלט וואָס די פוילישע פייגל — די וורובליעס, שפּאַקעס, סקאָווראָנקעס, טויבן און אַפילו די לעצטע שוואַלבן, — וואָרעם ס'איז שוין געווען אָנהייב יעשען־צייט, — אַלע האָבן זיי מיט די יידן פאַרלאָזט זייערע צווייגן און קוסטעס און געצויגן גאָר נידעריק איבער די מחנות אַנטלויפנדיקע יידן... ער איז איצט געגאַנגען, דער מעלניקער סופר סת״ם, פאַרקלערט אין דאָזיקן פלוצעמדיקן רעיון. אַן איינגעבוקטער האָט ער געקוקט צו די אַראָפּגע־פאַלענע, צעפּיקטע איילבערטן. ער האָט צו זיך אַליין געשמייכלט, גע־שמייכלט צו דער אייגענער מחשבה, וואָס האָט אים געבריט אונטערן צעהיצטן שטערן. ער האָט זיך נאָך מערער צעשמייכלט, אַזוי אַז זיינע ליפּן האָבן אים אונטערגעציטערט און ער האָט צו זיך אַליין געפּליסטערט:

— כי... כי... יוסף גבריאל ... אפשר ביסטו גאָרנישט מער דער סופר סת״ם פון מעלניק, האַ? כי... כי... כי... ער, דער מעלניקער, איז פאַרבליבן

דאָרט... עלעהיי ביסטו גאָר אַ פויגל, מעלניקער?... פון יענע פייגל.... אַריבערגעפלויגן דעם אוקינוס... אַזאַ מהלך... זוכסט אַ זשאַרנע אויף אַ פּיק צו טאָן... אונטער די ביימלעך... פּיק, פּיק, פּיק .... קאַניינעהאָרע, וויפל געפאַלענע איילבערטלעך האָט גאָט, ברוך הוא, אנגעגרייט פאַרן מעלניקער פויגל!... אָבער, צוריקגעשמועסט, יוסף גבריאל: ווי קומט צו אַ וואַנדער־פויגל גאָר אַ פויערישע טאָרבע אויפן האַלדז, מיט לייוונטענע פאַסקעס אונטער די אָרעמס? איז נישט אַנדערש: דאָס זענען גאָרנישט קיין לייוונ־טענע פאַסקעס, צוגענייטע צו דער טאָרבע... דאָס זענען גאָר פליגל... אמתע פליגל... פון אַ פויגל... כי... כי... כי... דער מעלניקער סופר, יוסף גבריאל בן משה, איז מגולגל געוואָרן פון דאָרטן אין אַ היגן פויגל צו פּיקן די געפאַלענע איילבערטלעך... כי... כי... כי... אין אַן אמתן פויגל... מיט אמתע פליגל... כי... כי... כי...

דער מעלניקער איז שוין געגאַנגען איצט אין דער הייך, אויף דער צווייטער זייט פון וואַדי, מיטן וועג, וואָס איז געלעגן אין גאַנצן נאַקעט, באַפלאַסטערט מיט שוואַרץ־גראָע שפּיציקע שטיינער. דאָ, אין דער הייך, זענען נישט געוואַקסן קיין איילבערט־ביימלעך און אויך נישט קיין אַנדערע קוסטעס אָדער געוויקסן. די ערד איז געווען שטייניק, נישט־וויליק־פאַרשלאָסן, מיט אַ סך פאַרברענטע אָפּגעשטאָרבענע גראָזן. די שוואַרץ־גראָע שטיינער האָבן געהאַט די פורעם פון שפּיציקע בריסטלעך און די גראָזן האָבן זיך געקלאַמערט אין זייער נישט־אויפגעגאַנגען, פאַר־שניטן פלאַנצן־לעבן. דערפאַר אָבער האָט דער מעלניקער באַלד דערזען, אַז בלויז אַ פּאָר הונדערט שריט פון דאַנען, אפשר אַ מהלך פון אַ וויאָרסט, שטייען שוין די נישט־לאַנג אויפגעבויטע נייע הייזער. און כאָטש ס'איז נאָך געווען גאָר פרי, איידער נאָך די מענטשן גייען אַרויס צו זייערע מלאכות, האָט ר׳ יוסף גבריאל שוין געהאַט אַ קלאָרע דעה וועגן זיין גיין אַהינצו: ער וועט אַריין דאָרט אין די פּרוזדורלעך, איבערקוקן די טיר־ראַמען און ווו ס'וועט פעלן אַ מזוזה — וועט ער אָנביטן איינע פון דער טאָרבע. ווען אַפילו אַ גאָר קליינער חלק פון די ייִדן אין יענע הייזער זאָל ביי אים קויפן די מזוזהלעך, וואָס ער וועט זיי אָנביטן און אויך אָנקלאַפּן אויף די טירן, וועט אים שוין סטייען אויף חיונה, אויף

וואָכן פאַר ברויט, מילך, גרינצייג. בפרט, אַז ער האָט אויך בדעה אַוועק־צוואַנדערן אין אַנדערע מקומות, נידעריקער קיין דרום. דאָרט, הערט מען, ווערן אויפגעשטעלט גאַנצע שטעט פאַר די אָנגעקומענע ייִדן. ער איז דערווייל געגאַנגען איבער די שפּיציקע שטיינער, בעת דער הונגער איז אים לחלוטין פאַרשוווּנדן פון זיין אינגעווייד, ווי ס׳פאַרשווינדט אַ בלאַט אַוועקגעטראָגן פון ווינט. די פּאָר פאַרצערטע איילבערטן האָבן געהאַט פאַר זיין גוף אַ משונהדיקן כּישוף: אויף זיין גומען איז נאָך געלעגן די גוטע, טערפּקע געזאַלצנקייט פונעם איילבערטן־פלייש, ווי דאָס וואָלט נישט געווען אַ פאַרוואָגלט, אַראָפּגעפאַלן איילבערט־ניסל, נאָר אַ הימל־שפּייז, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן בלויז פאַר אים, זיך געבראַכט אַ קרבן, כּדי אים, דעם מעלניקער, צו זעטיקן זיין גופיקן הונגער.

ר׳ יוסף גבריאל איז געווען פון די לעצטע פּוילישע סופרי סת״ם, וואָס האָט אַפילו בהקיץ, נישט בלויז אין חלום, ווי אַ ירושה־זוימען, וואָס איז איבערגעפלאַנצט געוואָרן פון דורות לומדים, מקובלים און אָרעמע פּרושים — תמיד פאַר זיך געזען אומצאָליקע וועלטן אין אַלע זייערע שווערבנדיקע ספירות — פאַרנעפּלטע, לויכטנדיקע און זוניקע. טונקעלע און דאָך וואָרהאַפטיקע האָבן זיי זינגענדיק געקרייזט אין די אָן־סופיקע זיבן־הימלדיקע מרחקים. ער האָט געטראָגן אין זיך, דער מעלניקער, אַלע אַלט־דורותדיקע לעכצענישן מיט ליפּן פאַרשלאָסענע איבער זיין ייִדיש מויל, וואָס איז געווען אָנגעטרונקען מיט אמונה ווי מיט זיס, קוואַליק וואַסער. זיין יעטוועדע טוונג און מחשבה איז קיין מאָל נישט אין אָרעמען מעלניק געווען געשפּאָלטן אין צווייען: אין ד אָ — און ד אָ ר ט, אין גשמיותדיקער קליפּה ווי, למשל, דאָס פּאַפּיר־פּאַרמעטל, וואָס זייגט איין אין זיך דאָס וואָרט ש ד י, אין שטייניקער ערד, ווו ס׳טרעטן די פיס, — און דעם שווערבנדיקן הימל, וווּהין ס׳לעכצן די אויגן פון חושימדיקער גוף־געפענקעניש צו נשמהדיקער געשטאַלטלאָזיקייט. און מיט אַ מאָל איז דער מעלניקער געוואָרן אַ צעטיילטער, ווי אַ צעשפּאָלטענער בוים, וואָס ווערט געטראָפן פון אַ דונער. דאָס איז געווען דעמאָלט, בעת די אומצאָליקע ייִדישע וועלטן און אַלע זיבן הימלען זענען אונטערגעג־

גאַנגען בעת די דײַטשע מבול־יאָרן. אים האָבן אָנגעהויבן עקבערן שווערע, אומרײַנע, נישט־ייִדישע מחשבות און ספקות וועגן אַלע יענע ספירה־וועלטן, וואָס לויכטן פאַרן מענטשן אין הימלישער, זעלישער געשטאַלט־לאָזיקייט. גראָד ווי אַ פעלדז, וואָס ווערט געריסן פון אַ פלוצעמדיקן חלל־געוויטער און נידערט אַלץ טיפער אַראָפּ זײַן געשלאָגענעם קאָפּ, ווערנדיק צעשטויבט פון די געטראָפענע הימל־בליצן, אַזוי איז אויך דער מעלניקער סופר סת״ם געבליבן שטיין פאַרווירט, פאַרבלאָנדזשעט און פאַרבלוטיקט פון הימלדיקן צאָרן און פון די פײַער־בליצן, וואָס האָבן אומגעשליידערט די אַלטע ווענט פון זײַנע אַלע ייִדישע וועלטן. אין שטויב־ברעקלעך ליגט צעבראָכן די ערדישע ראָם פונעם גוף, גראָד ווי ס׳צעברעכט זיך אין ברעקלעך אַ דינע אייזשיכט אויפן טראַקט, בעת ס׳לויפן איבער אים שווערע, אײַזערנע, פויערישע וועגענער. און אפשר — טראַכט דער מעלניקער — איז די וועלט טאַקע נישט מער ווי אַן אָן־סופי־קער, קרייזיקער טראַקט, פאַרוואָרפן מיט מכשולים און צאָרן, מיט שפּיציקע גילגול־שטיינער פון אַמאָליקע לעבעדיקע בערג, פון פאַר־שטאָרבענע שוואַרצע גראָזן, וואָס האָבן אומזיסט געוואַרט אויף דײַן הימלישן, פאָטערלעכן רחמים? צי איז פאַרבליבן דער זעלביקער הימל, וואָס טראָגט נאָך אַלץ, נאָך אַלע תוהו ובוהוס, די אייביקע מידבר־געבאָטן, וואָס האָסט זיי געגעבן דײַן פאַרוואָגלט פאָלק? צי האָט דער שׂטן שוין נישט גובר געווען דעם שם און ער, דער שׂטן, האָט געעפנט פאַר דער וועלט אַלע צייט־אָפּגרונטן, וווּ אין זייערע פינצטערנישן ס׳זינקען אַראָפּ די לעצטע פון זײַנע גלייביקע? אוי, רחמנותדיקער פאָטער — זיפצט אין זיך דער מעלניקער און זײַן לינק אויג ווערט אים פאַרוואָסערט — וואָס דו קיניגסט אין די פאַרשלאָסענע הימלען מיט דײַן פאַרזיגלט מויל, זײַ מוחל די ביטערע רעיונות מיר, דעם פאַרוואָגלטן סופר סת״ם פון מעלניק, יוסף גבריאל בן משה... צי איז אונדזער לעבן שוין נישט טאַקע מער ווי אַ פאַרברענטער שייער, וווּ ס׳איז געווען געזאַמלט, דער אָפּגע־קאָסעטער קאָרן? צי וועסטו די לעצטע, שוואַרצע קאָרן־זשאַרנעס צוריק אויפלעבן, אָנגיסן זיי אויף ס׳נײַ מיט שפּראָצונג און חיות, מיט בלוט און לעבן, מיט ווינט, רעגן און מיט דײַן בלאָען, גנאָדיקן נאַכט־טל — פאַר

אַלע אונדזערע פֿאַרברענטע, שוואַרצע און חרובֿע קאָרן־שייערן? אוי, רבונו של עולם, כ׳בין שוין אָפּגעגאַנגען דעם גרעסטן חלק פֿון מיין בידנע לעבן, וואָס האָסטו מיר באַשערט. צי ווילסטו איצט אָוועקוואַרפֿן פֿון זיך דעם מעלניקער סופר סת״ם, יוסף גבריאל בן משה, ווי דער ווינט פֿאַרוואַרפֿט אַ געלעכערטע איילבערט אויפֿן זאַמד?...

ער האָט שווער געאָטעמט, זיך אָפּגעשטעלט פּלוצעם און זיך דער־שראָקן פֿאַר די אייגענע מחשבֿות: „וואָס עפּעס האָסטו איצט זיך גענומען אויסטענהן מיט כּבֿיכול? שעם זיך, יוסף גבריאל... ס׳איז נישט יידישלעך, מעלניקער סופֿר...״ תּמיד האָט ער אַ טבֿע זיך דורכצושמועסן מיט אים, בעת ער איז אַליין אויפֿן פֿעלד... דאָס איז געווען אַפֿילו דאָרטן — אויף די פּייכטע, מעלניקער לאָנקעס... ער האָט זיך איצט אָפּגעווישט דעם שוויס, וואָס איז אים גערונען אין גרויסע, לייכטנדיקע טראָפּנס, גלייך צום־מויל־צו און ער האָט געמורמלט צו זיך אַליין:

— האָסט נישט געדאַרפֿט, יוסף גבריאל, אויפֿהייבן פֿון דער ערד די געפֿאַלענע איילבערטן. דאָס האָט זיין האַנט זיי צעשפּרייט פֿאַר די פֿייגל — און נישט פֿאַר דיר... ביסט באַגאַנגען אַ רויב, מעלניקער... אפֿשר איז עס אויך געווען בוסר, וואָס מאַכט שטומפּיק נישט בלויז די ציין נאָר אויך דאָס האַרץ און דעם רעיון?

די טאָרבע האָט אים די גאַנצע צייט שווער געקלאַפּט איבער די קני. זי איז געווען ווי אַ בלאָזזאַק, בעת ער האָט געשטעלט זיינע פּיס פֿאָרויס איבערן שמאָלן שטעגל. און פּלוצעם איז פֿאַר אים שטיין געבליבן אין רעיון זיין עלטסטער איידעם, יצחק־אַנטשל פֿון מאָגעלניצע. „טאַטע־פֿאָטער, דו ביסט אַן עדות, אַז כ׳האָב אייביק נישט געקאָנט אים האַלטן אויף קעסט. ס׳האַרץ האָט אין מיר זיך געשניטן. האָט ער זיך גענומען צום הויזירן, יצחק־אַנטשל, מיט צוויי טשעמאָדאַנעס שניטוואַרג, געגאַנגען לענג־אויס דעם פּיליצע־טייך, איבער די פּוילישע דערפֿער הינטער מאָגעל־ניצע אַזוי ווי איך, למשל, גיי איצט לעבן טאָל... ער האָט פֿאַרקויפֿט און געגעבן אויף באָרג די פּוילישע פּויערים קאָלירוק, ביליק שניטוואַרג, פּויע־רישע קליידלעך, בעט־לייוונט, אַפֿילו הילצערנע לעפֿל און שיינע צווירן־

טישטעכער. ער גערענקט, יוסף גבריאל, אַז אויף די טישטעכער זענען אין אַלע פיר עקן געשטאַנען שטאַרק־פּאַרמרהשחורהטע, דאַרע, קליינע באָטשאַנעס מיט לאַנגע גאָלדיק־געלע שנאָבלען... זעקס טעג אין וואָך איז יצחק אַנטשל געווען אונטערוועגנס. ער פלעגט אַהיימקומען ערשט ערב־שבת, גאָר נאָענט צו ליכט־צינדן. זיי האָבן שוין אַלע דעמאָלט ווידער געוווינט אין מעלניק. זיין ווייב, יוסף גבריאלס, האָט תמיד געהאַט תרער־מות: צוריקגעקומען אויף דער עלטער אויף קעסט, מיטן ווייב און זעקס פּיקערס... וואָס מיינט ער, דער איידעם אירער, יצחק אַנטשל, אַז פון שרייבן מזוזות קאָן מען פירן אַ רבישן הויף?... אַנומלט איז יצחק־אַנטשל אַהיימגעקומען באַלד צומאָרגנס נאָך זיין אַרויסגיין, דינסטיק איז עס געווען. ער איז אַריין מיטביידע וואַליזקעס אין די הענט, זיך אַוועק־געזעצט אויף דער קאַנאַפּע, אין יוסף גבריאלס חדר. געזעסן און געשוויגן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אַזוי איז ער, דער איידעם אַנטשל, אָפּגעזעסן אפשר אַ שעה. דערנאָך האָט ער פּלוצעם פאַרוואָרפן דעם קאָפּ — און זיך הויך צעוויינט...

— מער גיי איך נישט, שווער... אַפילו מ׳זאָל מיך אָפּגילטן...

— וואָס איז געשען, יצחק־אַנטשל? וואָס וויינסטו?

יצחק־אַנטשל האָט געהעשעט און ווידער געשוויגן.

— זיי נישט קיין ייִדענע, יצחק־אַנטשל... וואָס איז געשען?

ערשט אַז יצחק־אַנטשל האָט אויסגעטרונקען דריי קאַלטע גלעזער וואַסער, האָט ער, אַלץ נאָך אַ העשנדיקער, גענומען דערציילן יוסף גבריאלן די אויסטערלישע פּאַסירונג, וואָס איז זיך מיט אים פאַרלאָפן.

ער איז אַרויסגעגאַנגען, יצחק־אַנטשל, מיט די צוויי טשעמאָדאַנעס ווי תמיד, געגאַנגען מיטן וועג נעבן די פּיליצע־וואַסערן. אַריין אין אַ דאָרף — אַרויס פון אַ דאָרף. אָפּגעשטעלט זיך ביי פּויערישע כאַטעס, געזאָגט „דזיען דאָברי״, אָנגעביטן סחורה — און ווייטער געגאַנגען. קיינער האָט עפּעס יענעם טאָג גאָרנישט נישט געקויפט. אַפילו נישט קיין פינגערהוט, אָדער אַ נאָדל... גייט ער שוין ווידער אַרויס אויפן טראַקט. ס׳איז הייס. טראַכט ער זיך, יצחק־אַנטשל: צו וואָס דאַרף ער גיין מיטן טראַקט אונטער דער זון, וואָס ברענט? בעסער גיין לעבן וואַלד, וואָס וואַרפט אַ

קילן שאָטן. אין סאַמע וואַלד — איז נישט כדאי. בלויז ביים ברעג. דאָרט איז קיל... ר׳וועט זיך אויך קאָנען אַוועקזעצן אויף דר׳ערד, אונטער־לעגנען ס׳האַרץ מיט די רעשטלעך פון דער שבתדיקער הון, וואָס ס׳ווייב האָט אים פאַרפּאַקט אויפן וועג... גייט ער אַזוי אינעם וואַלד־שאָטן. גייט אַ שעה, צוויי, דריי — און דער וואַלד לעבן דער פּיליצע האָט גאָרנישט קיין סוף. עפּעס אַ מין כישוף. לויט יצחק אַנטשלען האָט ער שוין פון לאַנג באַדאַרפט זען די שפּיצן פונעם מאָגעלניצער קלויסטער... און דאָ איז אַלץ נאָך וואַלד, פעלד און ליידיקע לאָנקעס... די חמימה איז גרויס... די זון שטייט הויך... בינען און זשוקעס שפּילן אין גאַנצע קאַפּעליעס אין דער לופט... זשיוויצע פליסט פון די ביימער... שמעקט ווי האָניק... סקאָווראָנקעס הענגען אויף איין אָרט אין חלל... טרעלן ווי גלעקעלעך...

און פּלוצעם — ווי ער גייט אַזוי — הערט ער טריט הינטער זיך, ביי דער זייט. ער קוקט זיך אום, יצחק־אַנטשל, קיינער איז נישטאָ. אפשר האָט זיך אים בלויז אויסגעדוכט? מסתם האָט אַ פויגל אַ פּאַטש־געטאָן מיט די פליגל. אפשר אַ פּיקהאָלץ. און אפשר דער ווינט, וואָס מאַכט אַזוי קנאַקן די טרוקענע וואַלד־צווייגן?

גייט ער ווייטער און וויל שוין אַרויסגיין פונעם וואַלד־שאָטן. בעסער זיך האַלטן ווייטער פון וואַלד. אַ וואַלד איז נישט קיין אָפענער טראַקט. אַ וואַלד ציט־אַריין אין זיין גרינער געדיכטעניש. אַזוי ווי אַ וואַסער, וואָס ציט־אַראָפּ אין תהום. הערט ער שוין ווידער טריט הינטער זיך. דוכט זיך, אַז עמעצער ציט אים פאַר דער קאַפּאָטע. באַפאַלט אים אַ פּחד. דרייט ער זיך ווידער אויס: קיין לעבעדיקער נפש אַרום אים. וואַלד־שאָרכעניש, פייגל־צוויטשעריי, בינען־זשומעניש און האַרצקלאַפּעניש. ווי ס׳וואָלט אין אים אַליין געזעסן אַ פּיקהאָלץ אונטער דער ברוסט און ער קלאַפּט: טוק־טוק־טוק... טראַכט ער: מסתם יענע לייט... קנעפּלט ער אויף, יצחק־אַנטשל, די קאַפּאָטע און וויל בודק זיין די ציצית... ער וויל שוין אַרויס פונעם וואַלד־שאָטן — ערשט ער הערט הינטער זיך אַ קול:

— דזיען דאָברי, זשידקו!...

דרייט ער זיך, יצחק־אַנטשל, אויס מיט האַרצקלאַפּעניש. פאַר אים שטייט אַ גלח. ער טראָגט אַ לאַנגע שוואַרצע טאָגע. מען זעט אַפילו נישט

אַרויס די פּיס. אויפן קאָפּ — אַזאַ שטייף, פּירשפּיציק גלחיש קאַפּל. זיין פּנים איז רונדיק און רויטלעך־פּעט. אויף די אויגן: שוואַרצע ברילן, טונקעלע גלעזער ווי סאַזשע. פונעם האַלדז הענגט אים אַראָפּ אויף אַ גילדענער קייט אַ גרויסער זילבערנער צלם און גאָר אונטן — דער אותו איש... די קייט איז לאַנג — דער צלם הענגט אים אין סאַמע מיט פון זיין אויפגעהויבענעם גלחישן בויך...

— אַ צאָ טו מאַש אין דיינע טשעמאָדאַנעס, בראַטשע זשידקו?...

איז אים די גאַנצע מעשׂה קשהדיק, יצחק-אַנטשלען: ווי קומט דאָ פּלוצעם אין וואַלד אַ גלח? און דערצו נאָך אַזאַ אויסגעפּוצטער... און מיט שוואַרצע ברילן... און ווי קומט עס אַז אַ גלח זאָל רעדן צו אַ ייִד: בראַטשע זשידקו? פון ווען אָן רעדט דאָס אַזוי אַ גלח צו אַ מעלניקער חסיד? און צו וואָס דאַרף ער וויסן וואָס אַזוינס ער טראָגט, יצחק־אַנטשל, אין די טשעמאָדאַנעס? וואָס קאָן אַ ייִד טראָגן אונטערוועגס אין די טשעמאָדאַנעס, אויב נישט שניטוואַרג?...

— שטעל איך אַוועק ביידע רענצלעך אויף דער ערד. עפן איינס. טוט ער אַריין דאָרט זיינע הענט, וואַרפט איבער די ציצענע קליידלעך, דאָס שניטוואַרג, די פויערישע פלודערן, באָדל, פאָדעם...

— און מער האַסטו גאָרנישט? — פרעגט ער.

— ווייס איך נישט וואָס ער מיינט, דער גלח... פרעג איך אים זייער שטיל און מיט הכנעה:

— אַ צאָ פּאַן קסיאָנז דאָבראָדזשעי לאַסקאָ?

— גיט ער אַ שאָקל מיטן קאָפּ און די פּיר־שפּיציקע, טורעם־קאַנטן פון זיין גלחיש היטל שאָקלען זיך מיט, בעת ער פּאַרלייגט זיינע הענט איבער דער אַראָפּהענגענדיקער, געפלאָכטענער קייט.

— עפּעס פון יענע זאַכן... די זשידאָווסקע הייליקייטן... פּסאַלמי דאַ־ווידאַ... קרולאַ סאַלאָמאָנאַ, קוהעלעס... מאָזשע מעזוזאַ... ציצילעך...

— זע איך דאָך, אַז דער גלח מאַכט לצנות... וואָרעם: ווער פון מיינע פויערים וועט עס קויפן אַ קהלת, אַ תהילימל... אַ בינטל ציצית... אַ מזוזה?... נישט אַנדערש — אַ שונא ישׂראל, אַ הינטישער גלח, וואָס וויל זיך סתם מיט מיר אַ ביסל רייצן... און מניה וביה — קומען מיר אויפן

זינען: שייטערהויפנס.. גירוש שפאַניען... היידאַמאַקעס.. קידוש השם... ענטפער איך אים זייער געלאַסן, נאָר שטיל, מיט ערפורכט, כדי אים נישט, חלילה, נאָך מער צו דערצערנען:

— געאַכטער פּאַניע קשענדזו דאָבראָדזשעיו!... ווער וועט עס קויפן דאָ אין דאָרף די־אָ זאַכן?... אַ פויער דאַרף אַ פּאָר פויערישע פלודערן... ס'ווייב זיינס: אַ ביסל וועש־לייוונט... די קינדער — העמדלעך, קאָלירטע באַנד, שניטוואַרג... אָבער אַזעלכע הייליקייטן? כ'בין אַן אָרעמאַן... כ'דאַרף פּרנסה, געאַכפּערטער קשענדזו דאָבראָדזשעיו... אַ קראַנק ווייב... זעקס קינדערלעך, זאָלן לעבן...

— קוקט ער אויף מיר אַלץ נאָך מיט די פּאַרלייגטע הענט אויף זיין ברוסטקייט. ספק רחמנות — ספק לצנות. דערנאָך לאָזט ער אַראָפּ איין האַנט פון דער ברוסט, לייגט זי פּאַוואָליע אַרויף אויף מיין אַקסל — אַ שווערע, גלחישע האַנט מיטן שוואַרצן אַרבל — און ער זאָגט צו מיר גאָר ווייך אַזוי:

— הער מיך אויס, בראַטשע זשידקו... סלוכאַי!... שטייט נישט געד שריבן ביי אייך אין די הייליקע ספרים, אַז נישט בלויז אויף ברויט לעבט דער מענטש?

— און ער קוקט מיר אַריין אין די אויגן מיט אַזאַ כיטרען, מטושטשדיקן בליק פון הינטער די טונקעלע ברילן־גלעזער... טראַכט איך מיר: נישט אַנדערש — אַ פאַרשטעלטער, אַ קונצנמאַכער, אָדער כ'ווייס וואָס... וויל איך נישט זיך אַריינלאָזן מיט אים אין אַ ויכוח, וואָרעם כ'ווייס שוין וואָס, חלילה, ס'קאָן פון דעם אַרויסקומען... אפשר ציט ער מיך פאַר דער צונג? מען קאָן וויסן די אַלע וויסטע דרכים פון אַשמדאי? פאַרמאַך איך מיר דאָס וואַליזקעלע, וויל עס נעמען אויף דער פּלייצע און אים זאָגן אַ זיי־געזונט...

— ניין... — זאָגט ער — גיב מיר איינע פון דיינע וואַליזעס... נאָר די שווערערע... כ'וועל דיר העלפן טראָגן... כ'זע ביסט שוין מיד... דער שווייס רינט דיר פון פּנים... שוין לאַנג ביסטו אין וועג פון דער היים?

— שוין אַ טאָג מיט אַ פערטל... — ענטפער איך — פון מעלניק... אָבער — חלילה, פּאַניע קשענדזו דאָבראָדזשעיו — זאָג איך צו אים —

כ׳וועל שוין אַליין טראָגן... אַ ייִד איז געוווינט צו טראָגן שווערע זאַכן... שוין נישט ווייט צום דאָרף...

— פון מעלניק, זאָגסטו? — וווּנדערט ער זיך — פון מעלניק? און דער מעלניקער קלויסטער האָט שוין אַ נייעם גלאָק?

— ענטפער איך אים שוין אַ מבולבלער: פון וואַנען זאָל איך, אַ פרומער ייִד, אַ ייִדישער הויזירער, וויסן וועגן נייעם גלאָק אין מעלניקער קלויסטער? אַ גאַנצע וואָך — אונטערוועגס... בלויז אויף שבת...

— און קאַנאָניק בעדנאַרזש — פּאַלט ער מיר אַריין אין מיטן די רייד — שפּילט נאָך אַלץ אויפן אָרגל? אַזאַ שיינער אָרגל אין מעלניקער קלויסטער!...

— זע איך דאָך, אַז כ׳וועל נישט אַרויס פון דער פּולאָפּקע. און איידער וואָס ווען — וואָס מיינט דער שווער? דער גלח טראָגט נישט אויף זיין פּלייצע מיינס אַ וואַליזקע? און דווקא די שווערסטע, ווו ס׳ליגן פּויערישע פּלודערן, אַ פּאָר שטיוול און אויך דאָס טעפּל מיט געגנעגדלס שבתדיקער הון און נאָך אַנדערע שווערע זאַכן... גייען מיר שוין אַזוי ביידע, איינער הינטער דעם צווייטן, שווייגנדיקערהייט, טריט ביי טריט, איך פון פאָרנט — ער פון הינטן. וואָרעם מיין וואַליזקע איז אַ לייכטערע און ער, דער גלח, איז, נעבעך, אַ בעל־גוף... כ׳הער דאָס שאָרכעניש פון זיין מלבוש ווי ער סאָפּעט אונטער... און איך הער די גאַנצע צייט זיינע טריט אין די אָפענע סאַנדאַלן... הינטער זיך... גייען מיר אפשר אַ שעה, אפשר מער... כ׳האָב מורא אויסצודרייען דעם קאָפּ, כדי נישט צו דאַרפן ענטפערן אויף זיינע משונהדיקע שאלות... און דער וואַלד איז אַלץ וואַלד. אָן אַ סוף. פּלוצעם דוכט זיך מיר: כ׳הער נישט מער זיינע טריט הינטער מיר. כ׳שטרענג אָן ס׳געהער: באמת. כ׳שטעל זיך אָפּ און קוק הינטער זיך: נישטאָ קיין גלח. גאָרנישט. כ׳בין איינער אַליין נעבן וואַלד. שטיל־קייט און צווייגן־שאָרכעניש. אַ פּחד באַפאַלט מיך. אויך פייגל לויפן טיפער אין וואַלד אַריין מחמת פּחד...

— און די וואַליזקע, יצחק־אַנטשל, וואָס איז מיט דער וואַליזקע?

— איך זע, אַז מיין וואַליזקע ליגט זיך אַ פּאָר צענדליק שריט נישט ווייט פון מיר... אונטער אַ בוים... אָ — טראַכט איך מיר — איצט אין

מיר שוין אַלץ קלאָר... ס'איז גאָרנישט געווען קיין גלח, נאָר אַ פּאָר־שטעלטער וואַלדרויבער... מיין וואַליזקע איז אַוודאי אויסגעליידיקט. כ'קום־צו נענטער: ס'הייבט זיך נישט אָן. אַלץ איז אינעווייניק ווי פריִער. די פּלודערן פון אויבן, די שטיוול — אונטן, ביי דער זייט דאָס שניט־וואַרג — און פון אים אַליין — נישטאָ קיין שפּור... ווי אַ שטיין אין וואַסער... און אַז כ'וואַרף נאָך אַ מאָל איבער די סחורה אין דער וואַליזקע — וואָס מיינט דער שווער געפין איך דאָרט אונטער די שטיוול? שוין אויפן סאַמע דנאָ, אונטערן אויסגעלייגטן פּאַפּיר? אָט אָ טאַקע — די מזוזה... ני, שווער, וואָס זאָגט דער שווער אויף אַזאַ משונהדיקע מעשׂה?

— און מחמת דער אָ מזוזה, יצחק־אַנטשל, וויינסטו? ביסטו נישט קיין ייִדענע, זאָג אַליין... גיי וואַש די הענט און דאַוון־אָפּ מנחה מיט כּוונה... ס'איז געווען פּאַר דיר אַ ווילד אויסדוכטעניש, נישט מער... און די מזוזה — גיב זי מיר... מ'דאַרף זי בודק זיין... אפשר טאַקע דעם שטנס אַ שפּיצל...

אָט דאָס אַלץ, דאָס גאַנצע פּאַרלויפעניש מיט יצחק־אַנטשלען, מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, איז מיט אַזאַ בליציקער געשווינדקייט אין עטלעכע רגעס דורכגעלאָפן דעם מעלניקערס דמיון, אַז ער האָט אַפילו נישט באַוויזן צו זען ווי ער איז שוין געשטאַנען לעבן די נייע הייזער. ער האָט זיך ווידער אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און זיך אויסגעגלעט די באָרד. און ווידער: נישט געדאַרפט עסן די אומרייפע איילבערטן, וואָס האָבן אים צוריקגעפירט צו יענער ווילדער מעשׂה מיט יצחק־אַנטשלס גלח... ר' יוסף גבריאל האָט אַ זיפץ געטאָן. ער האָט נאָך איצט געהערט דעם איידעם העשען... געווען אַ שטיק ייִדענע, דער יצחק־אַנטשל, ווען נישט זיין גנענדל...

דער מעלניקער סופר האָט געהאַט איצט אויף זיך פּאַראיבל און תּרעומות. ס'האָט אים פאַרקלעמט גראָד איצט, דאָ אויפן ליידיקן וועג, יצחק־אַנטשלס דעמאָלט געוויין, כאָטש דאָס איז זיך פּאַרלאָפן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק... ווי די צייט — טראַכט יוסף גבריאל — האָט לחלוטין נישט קיין לינדערונג אויפן האַרצגעוויין, וואָס אַ מענטש קלאָגט־אויס...

דאָס געוויין איז געקומען צום מעלניקער פשוט דערפאַר, וואָס ער אַליין, דער סופר סת״ם, איז דאָך געווען שולדיק אין אַלץ — און נישט קיין אַנדערער. דאָס פלעגט ער דאָך אַליין, יוסף גבריאל, תמיד אָפּטאָן די־אָ אויסטערלישע זאַך, איידער דער איידעם יצחק־אַנטשל פלעגט זיך קלייבן אין וועג אַריין מיט די טשעמאָדאַנעס... ער, דער מעלניקער סופר, פלעגט עס אָפּטאָן אַליין, געשטויסן פון אַ מעכטיקן באַפעלערישן אָרעם: אַרונ־טערלייגן אונטערן פאַפּיר, אויפן סאַמע דנאָ פונעם טשעמאָדאַן־ווינקל — דאָס קליינע שדי־פאַרמעטל... בעת ער פלעגט דעמאָלט נאָכטראַכטן וועגן דעם, האָט ער אַליין נישט געקאָנט משיג־זיין פאַר וואָס ער טוט עס. אַ סגולה צו פרנסה? אַ שוץ פאַר וואַלדרויבער? אָדער אפשר גאָר דערפאַר וואָס יעדער ייִד, אַפילו אַזאַ אָפּגעהיטענער ווי יצחק־אַנטשל, זאָל זיך קיין מאָל נישט שיידן מיטן הייליקסטן שם שדי? ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט זיך פאַרטייטשן — און פון דעסטוועגן האָט ער עס תמיד געטאָן, בעת יצחק־אַנטשל פלעגט נאָך אָנהייבן פאַרפּאַקן די טשעמאָדאַנעס. אַממיינסטן פאַרקלעמטקייט און האַרץ־ביטערניש האָט דער מעלניקער איצט געהאַט דערפון, וואָס ער האָט קיין איין־איינציק מאָל אַפילו נישט אַנטפּלעקט דאָס־אָ געהיימעניש — נישט פאַרן אייגן ווייב און נישט פאַרן איידעם... דאָס אַריינלייגן בגנבה דאָס פאַרמעטל האָט אים איצט פאַר־שאַפט גרויסע יסורים... נישט ווי ער וואָלט געהייליקט דערמיט דעם שם, נאָר פאַרקערט: ער האָט אים אונטערגעוואָרפן אין דער פינצטער ווי אַ נאַכט־גנב... ס׳איז אים געווען ווי ער וואָלט בסוד סודות פון מענטשן פאַר עפּעס אַ שווערער, באַהאַנגענער זינד, וואָס ער איז אַוודאי באַגאַנגען אין פריִערדיקן גילגול — געוואָלט הייליקן אַ פאַרבאָרגענעם קרבן פאַרן באַ־שאַפער אויף אַן אומזעעוודיקן מזבח... ער האָט נישט אויסגעזאָגט דעם סוד אַפילו דעמאָלט, בעת יצחק־אַנטשל האָט מיט געוויין דערציילט די פּאַסירונג לעבן וואַלד... גרויסער באַשאַפער אין די הימלען! — הייבט דער מעלניקער אויף זיינע אויגן צום הימל און לאָזט זיי באַלד פאַלן אויף די צעשפּרייטע, גרינע פעכערס פון די איילבערט־ביימלעך — וואָסער רוח שטות דו האָסט אין מיר אַריינגעטריבן אַלע יאָרן מיטן אויסבאַהאַל־טענעם שם אין יצחק־אַנטשלס טשעמאָדאַן! די איילבערטן דיינע קוקן

פראַנק און פריי דיר אין הימל אַריין — זאָל דער מעלניקער סופר זיין כאָטש אַ שאָטן פונעם איילבערט און טראָגן צו אַלע מענטשן שוין נישט בגנבה דיין נאָמען!... לאָז מיך אָפּקומען די זינד פון זיין אַ נאַכט־גנב אַלע יאָרן, אַז דו האָסט מיך אומגעקערט אַהער ווי אַ קרבן און אַ מזבח צוזאַמען...

אַלע די־אָ מחשבות האָבן אָבער מיט גאָרנישט געלינדערט זיין פאַרביטערונג. ער איז געשטאַנען אויפן בערגל און געקוקט אַראָפּ אינעם וואָדי ביי זיינע פיס. די איילבערט־ביימלעך האָבן אויסגעזען פון דער הייך ווי קליינע, פלאַטשיקע קשאַקעס. אונטער יעדן קשאַק איז געלעגן דער שאָטן ווי אַ האַלבע, צעבראָכענע קרוין. ער האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, יוסף גבריאל, די דעמאַלטיקע, אומקלאָרע מעשים. אַפילו שפּע־טער, בעת מען האָט אָנגעהויבן אויפשטעלן דעם שטעכלצוים אין מעל־ניקער געטאָ און יצחק־אַנטשל מיטן ווייב און קינדער זענען אַריינגעלאָפן צו אים אינעם אַלקער מיט די פאַרשנירטע פּעקלעך (זיי האָבן דווקא געוואָלט זיך לאָזן קיין וואַרשע, (ווו גנענדל האָט געהאַט איר אַלטע מאַמע) צי האָט נישט יוסף גבריאל ווידער אָפּגעטאָן דאָס זעלביקע? צי האָט ער אין געהיימעניש ווידער נישט פאַרשטעקט אין פּעקל בעטגעוואַנט אַ קליין מזוזהלע מיט דריי גרויס־געכתיבהטע אותיות: ש ד י? אַלמעכ־טיקער טאַטע אין הימל, וואָס בלויז דאָס ווידערקול פון דיין נאָמען דו האָסט באַוויליקט פאַרן געפּלאָגטן מענטשן — צי האָט ער, דיין נאָמען, זיי געראַטעוועט פון פאַרטיליקונג? געוואַלד, רבונו של עולם! (דאָ האָט דער מעלניקער אַראָפּגעלאָזט זיינע געדיכטע, בייזע ווימפּערן צו די פיס), פאַר וואָס האָסטו צוגעלאָזן, אַז אויך דיין שם זאָל זיך אויסמישן מיט יצחק־אַנטשלס געביין און ווערן ווי ער מיט זיין הויזגעזינט — בלויז ווינטיקער אַש? צי דאַרף אונדזער אמונה אין דיר, הימליש־מאַכטיקער, אָב הרחמים, דיין אמת — תמיד געקרוינט ווערן מיטן קרבן פון ייִדישן גוף? צי דאַרפסטו אונדזערע ייִדישע פאַרקוילטע ביינער, כדי זיי זאָלן זיין שוואַרצע שטיגן פון אַש צו דיין פאָטערלעכן, פאַרבאָרגענעם שטול? איך, יוסף גבריאל, דער מעלניקער סופר סת״ם, בין אין גאַנצן שוין מבולבל. כ׳בין געשטאַנען אין אַ תפיסה. פאַרהאַמערט זענען די שווערע

אייזערנע טויערן. ווו שטייט דער שומר ישראל? צי האָט ער פאַרלוירן די שליסלען? צי ליגן זיי פאַרוואָרפן אין אַ ים־דנאָ, פאַרדעקט מיט גאָלד־גרינעם זשאַווער ווי, להבדיל, די גרינע גיפט־שוואָמען אין מעלניקער וואַלד? בלויז זיי — די שוואַרצע אַש־שטיגן ציִען זיך צו דיר, מאַכטי־קער אָב הרחמים, אָן סוף, אָן סוף, אָן סוף...

די מחשבה וועגן די שוואַרצע אַש־שטיגן האָט ער געהאַט גראָד דעמאָלט, בעת ער איז שוין געגאַנגען אויף די קלאָרע שטיגן פונעם ערשטן ניי־געבויטן בנין, וואָס ער האָט באַטרעטן. זיי זענען געווען, די שטיגן, קילע, מאַרמאָרנע, גליטשיקע, מיט אַ סך שטיין־אָדערן, וואָס זענען געלאָפן אין אַלע זייטן. זיי האָבן אויסגעזען ווי די אָדערן אויף אַ בוים־בלאַט, וואָס גייט־אויף מיט יונג, גרין לעבן. אַזעלכע שוועלן־שטיינער האָבן אין מעלניק געניצט בלויז די מצבה־קריצער, כדי אויפצושטעלן די ניד־עריקע אוהלס אויפן בית עלמין. צי פליסט נישט אַ מאָל אין די־אַ שטייניקע אָדערן מאַרמאָרדיק בלוט, כדי ער, יוסף גבריאל, זאָל קאָנען טרעטן איבער זיי מיט די פאַרשטויבטע שטיוול און מיט דער טאָרבע, אָנגעפילט מיט שדי־טאָרבעלעך, דאָ, אויף דער ערד, וואָס דער אָב הרחמים האָט געשוינט פון גיהנום? און אַריינקוקנדיק אַזוי אין די קאַלטע, גליטשיקע שטיין־אָדערן האָבן זיך פאַר ר׳ יוסף גבריאלן אָנגעהויבן אויספורעמען די משונהדיקסטע מענטשלעכע פורעמס. ס׳האָבן געשוועבט אין דער נידער אַלטע, פאַרשווונדענע, טויטע פנימער, ווימפערלאָזע פאַרטרערטע אויגן און אויך אויגן־אָרביטעס ליידיקע, אויפגעפראַלטע ווי געשפּאָלטענע, הוילע, האַלבע ניס; אויגן היימישע און ווייסע, אָבער אַלע פון אַלטן, פאַרשטאָר־בענעם מעלניק, וואָס זענען שוין מער נישטאָ אין קיין שום ערד־ווינקל אונטער דער זון, אַפילו נישט אויף קיין שום פאַליע־פלאַך פון גאָטס גרויסע, שווייגנדיקע וואַסערן.

די שטיגן האָבן אים אַריינגעפירט אינעם הויז־פּרוזדור. ער האָט געזען, אַז דאָס הויז איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען פון שלאָף. ס׳איז טאַקע געווען נאָך זייער פרי. פון די הויכע פּרוזדור־פענצטערלעך איז די ערשטע פרימאָרגן־גראָקייט געשווומען נאָך שוואַרצלעך־בלאָ, ווי ס׳וואָלט נישט געדאַרפט אויפשטיין אַ נייער טאָג, נאָר באַלד דאַרף דאָ אַראָפּפאַלן די

גיכע, גראַנאַטענע אָוונט־טונקלקייט. די טירן אין פּרוזדור זענען געשטאַנען קעגנאיבער זיך, איינע אַנטקעגן דער צווייטער. זיי זענען געווען ברוינ־לעכע, שווערע, גלאַנציק־שמייכלענדיקע מיט אויפגעקלאַפּטע מעש־שילד־לעך, און אויף זיי — די נעמען פון די באַוווינער אין שיין־אויסגראַווירטע יידישע אותיות. דאָס אַלץ איז געווען פאַרן מעלניקער אַזוי פיל מיט פּלאים, אַז ער האָט אַפילו אַרויפגעלייגט זיינע פינגער אויף אַזאַ מעשן בלעכל מיט יידישע אותיות און דערנאָך — פּאַוואָליע די פינגער צוגע־פירט צו זיין מויל. אויף איין טיר איז שוין געהאָנגען אַ מזוזה, אויף אַ צווייטער נאָך נישט. ער איז געבליבן שטיין פאַר דער טיר אָן דער מזוזה און זיך איינגעהאָרכט. צי וועט ער נישט אַ מאָל די מענטשן אויפ־וועקן פון שלאָף? צי איז ער נישט צו פרי אַהערגעקומען, כדי זיי אָנצוביטן עפּעס פון דער טאָרבע? אים האָט זיך אויסגעוויזן ווי ער הערט פון הינטער דער טיר אַ גערויש, ווי עמעצער וואָלט געטרעטן אַ באָרוועסער. מחמת עפּעס אַ הכנעה האָט ער נישט געוואָלט זיך באַניצן מיטן רויטן עלעקטרישן קנעפּל. ער האָט געהערט ווי די באָרוועסע פיס דערנענטערן זיך צו דער שוועל. ער האָט לייכט אָנגעקלאַפּט מיטן פינגער. פון אינעווייניק האָט זיך דערהערט אַ פאַרשלאָפן, צעצויגן ווייבעריש קול:

— קטאָ־ט ט־אַ־אַ־אַ־ם?

יוסף גבריאל איז געבליבן שטיין די ערשטע רגע אַ פאַרווירטער. די צוויי ווערטער הינטער דער טיר האָבן אים פּלוצעם אָפּגענומען דעם ווילן נאָך אַ מאָל אָנצוקלאַפּן, אָדער עפּעס צו ענטפערן. דאָס נישט־יידיש לשון האָט אים געליימט די פינגער. ער האָט איינגעהאַלטן אין זיך דעם אָטעם, ווי ער וואָלט טאַקע געווען אַ נאַכט־גנב... אָבער פון אינעווייניק האָט זיך שוין נאָך אַ מאָל געהערט דאָס זעלביקע ווייבערישע קול — דאָס מאָל הילכיקער און קלאָר:

— אַ קטאָ טאַם?

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, דער מעלניקער. אפשר וווינען דאָ גאָרנישט קיין יידן? ס'קאָן דאָך אָבער נישט זיין: פונעם שילדל לויכטן־אַראָפּ די יידישע אותיות. די מענטשן אין לאַנד, ווייס ער, רעדן אויף זיבעציק לשונות, אָבער אַלע זענען זיי יידן... ער איז בייגעקומען

די ספּיקות און, אַן אָנגעלענטער אויף דער טיר, האָט ער שטיל אַרייַנ־געפּליסטערט:

— טאָ זשיד... זשיד... דזיען דאָברי...

פון דער צווייטער זייט טיר האָט מען געהערט דעם גרילצנדיקן געדריי פון אַ שליסל. די טיר האָט זיך לייכט געעפנט מיט אַ שפּעלטעלע. דורך דעם־אָ שמאָלן שפּעלטעלע האָט ר׳ יוסף גבריאל דערזען פאַר זיך אַ נידעריק, ווייבעריש געשטאַלט. זי איז געווען פול, איר פּנים ברייט, מיט אַרויסשטייגנדיקע ווייס־בלאָלעכע קינביינער און מיט לאַנגע, צע־שיטע האָר אויף ביידע זייטן פון איר נאַכט־העמד. און אירע קרומלעכע, נאָך פאַרשלאָפענע אויגן האָט ער אָנגעטראָפן אויף עפּעס נישט־ייִדישס און פרעמדס. אַ מבולבלער און פאַרשעמטער האָט דער מעלניקער אַראָפּ־געלאָזט זיינע אויגן צו די פיס. די געשטאַלט האָט אים דערמאָנט אין אַ לילית. זי איז געשטאַנען גראָד אַנטקעגן אים מיט איר טיפן, אָפענעם האַלדז, בלויז אינעם נאַכט־העמד, וואָס האָט זיך געפּאַלדעוועט ביז אַראָפּ אירע באָרוועסע, ברייטע פיאַטעס. איר בויך איז געווען שטאַרק אַרויס־געהויבן. דאָס אַלץ האָט געדויערט בלויז אַ רגע, וואָרעם די ווייבערישע געשטאַלט האָט גענומען שרייען הינטער זיך אין שטוב אַריין:

— סאַשאַ!... סאַ־שאַ... כאָדי סודאַ!... יעווריעיסקי מוזשיק פּרישאָל!...*

הינטער איר איז גיך אויסגעוואַקסן אַ שוואַרצער, הויכער יונגערמאַן, וואָס האָט צום מעלניקער אַריבערגעקוקט פון הינטער דער נאַקעטער, ווייבערישער פּלייצע. דער יונגערמאַן האָט געהאַט אַ ייִדיש, ווייך, פאַר־שלאָפן פּנים מיט צוויי קליינע אומרויִקע שוואַרצאַפּלען, וואָס האָבן דעם מעלניקער דערמאָנט אין צוויי צעגאָסענע, ציטערנדיקע טינט־טראָפּנס.

ר׳ יוסף גבריאל האָט שטומערהייט אָנגעוויזן אויף דער טאָרבע. ער האָט אָבער באַלד זיך אָנגעטאָן אַ כוח. מיט אַ שטיל־תחנונימדיק קול האָט ער אַריבערגעפּליסטערט צום ייִדישן פּנים:

— אפשר אַ מזוזה אָנקלאַפּן אויף דער טיר?... פון פאַרמלחמהדיקן פאַרמעט... צוזאַמען מיט אַ שיידל... נישט טייער...

* סאַשאַ, סאַשאַ, קום נאָר אַהער!... אַ ייִדישער פּויער איז געקומען!...

— טשטאָ אָן כאָטשעט, סאָשאָ? * — האָט זיך די נאַקעטע געשטאַלט אויסגעדרייט צום ייִדישן פּנים און דער מעלניקער האָט דערזען, אַז איר בויך איז זייער אַ שפּיציקער שוין אין די הויכע חדשים. דער שוואַרצער יונגערמאַן איז אַרויסגעטרעטן פאָרויס. הינטער אים איז איצט געשטאַנען זיין ווייב. ער האָט לאַנג אַריינגעקוקט אין מעלניקערס פּנים. דערנאָך אויף זיין היטל, און באַלד האָט ער לאַנג געהאַלטן זיינע אויגן אויף דער טאָרבע.

— מע דאַרף נישט, ר׳ ייִד... — האָט דער יונגערמאַן לסוף הייזעריק־לעך אַרויסגעכאָרכלט — ניע נאַדאָ מעזוזאַ... יאַ יעוורעי בעז מעזוזאַ...**

און נאָך אַ ווײַלע:

— ...פון וואַנען קומט אַ ייִד?...

דער מעלניקער האָט שוין געוואָלט זיך אויסדרייען, נאָר עפּעס אַ שגעונדיקע מחשבה האָט פון אים אַרויסגערעדט נישט מיט זיין קול:

— פון וואַנען קומט אַ ייִד?... פון יענער וועלט!...

— פון יענער וועלט מיט דער־אָ טאָרבע?

— כ׳מיין פון דאָרט, פון וואַנען אַלע ייִדן לויפן...

עפּעס נאָך אומקלאָרעס און נישט־ייִדישעס איז אַרויסגעפאַלן פונעם הויכן יונגערמאַנס גאָר דינע ליפּן. דער מעלניקער האָט בלויז דערזען, אַז זיינע ציין זענען קליינע, שיטערע און געלע. מסתּם פון אַ סך טיטין. דערנאָך האָט זיך די טיר גאָר פאַוואָליע צוריק פאַרמאַכט.

ר׳ יוסף גבריאל איז אַ ווייל געשטאַנען הינטער דער פאַרמאַכטער טיר. ווידער האָט דער שליסל אַ סקריפּ געטאָן. דאָס מאָל איז זיין קריצעניש געווען שאַרפער און בייזער פאַרן מעלניקערס אויער. אויף ס׳ניי האָט ער געקוקט אויף די ייִדישע אותיות פונעם מעשן שילדל. ער האָט אַלץ נאָך געהערט דעם פרעמדנס הייזעריק קול: „יאַ יעוורעי בעז מעזוזאַ!...״ אפשר איז אין אַלץ שולדיק — טראַכט ער — די טאָרבע, וואָס ער טראָגט אָנגע־האָנגען אויפן האַלדז? מסתּם האָט טאַקע זי, די גראָע, טרויעריקע טאָרבע,

---

* וואָס וויל ער, סאָשאַ?

** מען דאַרף נישט קיין מזוזה... איך בין אַ ייִד אָן אַ מזוזה...

זיי איבערגעשראָקן... ער האָט געהאַט, דער מעלניקער, טענות צו זיך: הלמאי האָט ער נישט געלאָזט די טאָרבע אין שטוב? ער האָט געקאָנט נעמען מיט זיך בלויז אַ קליין וואַליזקעלע — ווי אַמאָל יצחק־אַנטשל — און דעמאָלט וואָלט ער אפשר גאָרנישט געהאַט אַזאַ נישט־ייִדישן ברוך הבא שוין ביים סאַמע אָנהייב פון זיין אַרויסגיין צווישן ייִדן, כדי צו פאַרשפּרייטן ייִדישקייט?

ער האָט שוין לחלוטין נישט געוואָלט מער אָנקלאַפּן אין אַנדערע טירן, ווו ס'זענען נאָך נישט געהאָנגען קיין מעשענע שילדלעך. מיט טריבע, קאַלטע מחשבות איז דער מעלניקער אַרויס פונעם בנין. בעת ער איז געווען אין דרויסן — זענען לענג־אויס פאַר אים די וואַדי־טיפקייטן שוין געלעגן איינגעהילט אין אַ שווערן, בלאָלעכן נעפּל. דער נעפּל האָט זיך באַוויגן צו מזרח זייט, וואָרעם דער ווינט איז געקומען פון ים. אין מעלניקערס אויגן האָט דער נידעריקער, בלאָער וואַדי־נעפּל אויסגעזען ווי אַ ריזיקע, בלאָע שיף, וואָס שווימט צווישן די צוויי הויכע, אַרויסשטייגנדיקע ערדישע וואַדי־ברעגן. ער איז מיטן שיפּוע פּאַוואָליע אַראָפּ אַלץ נידעריקער אינעם וואַדי, אַזוי אַז פון דער ווייטנס האָט מען לחלוטין שוין נישט געקאָנט זען זיין איינגעבוקטע געשטאַלט. ער איז אַריינגעפלאָסן, דער מעלניקער, אינעם שווימענדיקן, שווערן נעפּל, ווי זי וואָלט אים גענומען אויף זיך — די בלאָע, אויסטערלישע שיף אין איר ווייטערדיקער, סודותדיקער נסיעה.

*

ער איז אויסגעשטיגן, דער מעלניקער, פון דער נעפּל־שיף שוין אויף דער צווייטער זייט. דאָ האָבן די וואַדי־ווענט זיך אויפגעהויבן מיט שוואַך־באַוואָקסענע, פאַרדאָרבענע פעלדזן־גראָזן און הויכע, שטעכיקע, זילבערנע דערנער. די דערנער האָבן דעם מעלניקער דערמאָנט אין די זיבן־אָרעמדיקע מנורות. בעת ער איז געווען שוין קעגנאיבער, גאָר אויבן, און אויף ס'ניי אומגעווענדט זיין פּנים, האָט ער דערזען, אַז דער נעפּל איז שוין געהאַט אין צווישן אָפּגעשווומען אַ שטיק וועג. ער איז צעגאַנגען ווי אַ שמעלצנדיקע, גרויסע קריַע. אָבער צעריסענע, נידעריקע וואָלקנדלעך האָבן אַלץ נאָך געטראָגן זיך אין דער טיף. פון ווייטנס האָבן די וואָלקנד־

לעך אויסגעזען ווי פאַרבלאָנדזשעטע, קליינע, בלאָע שעפּסן. דערנאָך זענען אויך די שעפּסן פאַרשוווּנדן. פאַר אים איז שוין געלעגן אָפן און קלאָר דער גאַנצער וואַדי־אָפּגרונט מיט אַ סך אַנגעוואָרפענע גאָלד־פלעקן פון דער אויפגייענדיקער זון. די פלעקן האָבן טיף אונטן, אויפן סאַמע דנאָ פון וואַדי־טאָל, געלויכטן אַנטקעגן הימל ווי צעשיטע, מעשענע, רונדיקע טעלער.

ר׳ יוסף גבריאל איז שוין איצט געגאַנגען צום קעגנאיבערדיקן שטח, צום נידריקן פּלאַכלאַנד, ווו מ׳האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן אויפשטעלן אַנדערע נייע בנינים. פון ווייטנס האָט מען געזען נאָר די אויפגעשטעלטע ווענט און אין זיי — אָפענע לעכער, וואָס וועלן אַ מאָל זיין פענצטער. פענצטער... פענצטער... פענצטער... דער מעלניקער האָט תמיד פאַרגליכן זיך אַליין — דעם גוף און די נשמה — צו אַ פענצטער מיט אַ שויב. ביידע, דער גוף מיט דער נשמה, זיצן אינעווייניק, הינטערן שויב־פענצ־טער און ער, דער מעלניקער, קוקט אַרויס פון זיך דורך דער־אַ שויב, וואָס איז פאַרהויכט מיט אומבאַשיידבאַרע סודות און חלומות. אַזוי האָבן אויך איצט די ליידיקע פענצטער־לעכער אין די ווענט געהאַט די שוואַרצע, אַנשויביקע פאַרטיפונגען ווי טאָלן פולע מיט נאַכט. דאָרט, ווו ס׳ווינען נאָך נישט קיין מענטשן און ווו ס׳זיצן נאָך אין דער מויער די שוואַרצע נאַכט־טאָלן, וועט ער גיכער קאָנען טאָן דאָס, וואָס האָט אים צוריקגעפירט צו זיין אַמאָליקער, סודותדיקער טוונג מיט יצחק־אַנטשלס טשעמאָדאַן: ער וועט בגנבה אין די נייע הייזער, אויף די הילצערנע טיר־ראַמעס, אָנקלאַפּן די מזוזהלעך, כאָטש ס׳ווינען דאָרט נאָך נישט קיין מענטשן. ער וועט עס טאָן אין הייליקער עניוות און הכנעה פאַרן באַשאַפער, וואָס האָט אים אָפּגעהיטן פונעם מבול און געפירט אַהער. ער וועט צוריק פאַרשפּרייטן דעם פאַרשעמטן שם צווישן די דערשלאָגענע און פאַר־טרויערטע.

די אַ מחשבה האָט דעם מעלניקער געמאַכט אַזוי גרינג זיינע פיס און אַזוי פול דאָס האַרץ מיט פרייד, אַז ער האָט אַפילו אַזוי גייענדיק נישט געהערט ווי עמעצער פון ווייטן פעלד רופט אים אין אַ הילכיקער שטים. דאָס קול איבערן פעלד האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט און זיך

צעפּאַלן אין אַ סך ווידערקולות ווי צעברעקלטע, יונגע דונערס. ערשט דעמאָלט, בעת דער מעלניקער האָט אויף דער פּלייצע דערפילט אַ שטויס ווי פון אַ געוואָרפענעם שטיין — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגע־דרייט. ס׳איז נישט געווען קיין שטיין. ביי זיינע פיס איז געלעגן אַ קליי־נער אַרבוז. ער איז געווען גרויס ווי אַ בוראַק און געשפּאָלטן. פון צווישן זיין שפּאַרע־געשפּאָלטנקייט האָט אַרויסגעקוקט צום מעלניקער דאָס זאַפטיקע אַרבוזן־אינגעווייד, וואָס איז געווען שטאַרק רויט און באַזעצט מיט שוואַרצע, לענגלעכע קערעלעך.

— העי, דו! ווּהין קריכסטו דאָרט? צי הערסטו נישט?... צי ביסטו טויב, אָדער משוגע?... גיכער, זע איך, ביסטו משוגע!... מאַן דיע! וואָסערע יידן קומען דאָ אַלץ אַהער!...

פאַר דעם מעלניקער איז איצט געשטאַנען אַ הויכע, ריזיקע געשטאַלט פון אַ מאַנספּערשוין, אַנגעטאָן בלויז אין גראָע הייזלעך ביז צו דער קני, אָן העמד און אין גאַנצן אַ באָרוועסער. ער האָט גאָרנישט נישט געטראָגן אויף זיין לייב אויסער די־אַ קורצע הייזלעך און אַן אויסטערליש היטל. זיין פּולער, איבערגעגאָסענער גוף איז געווען ברוינלעך־שוואַרץ און געגלאַנצט אין דער זון ווי געפּוצט מעש. אַזעלכע מענטשן פלעגט דער מעלניקער אַמאָל בלויז זען צווישן די וואַנדערנדיקע ציגיינער, וואָס האָבן געלאַגערט אויף די מעלניקער לאָנקעס. דעם פרעמדנס בויך איז געווען געפאַלדעוועט פון אַ סך פעט־פאַלדן און אויך קופּער־רויט, טאַקע ווי די קעסלען און ראָנדלעס, וואָס די ציגיינער פלעגן פאַרקויפן צו יידן אין מעלניק. דאָס אַלץ איז געקומען צום פרעמדן אַוודאי פון זון־אָפּגעברענט־קייט. ערשט איצט האָט דער מעלניקער אויך דערזען, אַז דער פרעמדער האָט בלויז איין האַנט, די לינקע, בעת די רעכטע, וואָס איז אים פאַרבליבן בלויז אַ האַלבע, איז אים אַראָפּגעהאַנגען אָפּגעשניטן ביים עלנבויגן. די האַלבע רעכטע האַנט, האָט אויסגעזען אין איר נאַקעטקייט ווי אַ רונדיק שטיק האַלץ. זי האָט זיך באַוויגן די גאַנצע צייט מיט פאַרשלאָסענע תנועות, וואָס האָבן געמאַכט ציטערן זיינע פולע מוסקולן אונטער דער הויט. פאַרענדיקט איז די האַנט געווען שפּיציקלעך, עקיק, מיט אַ שאַרפן ביין, ווו מ׳האָט נאָך אָנגעזען די רויטלעכע פלעקן פון געשניטענע און פאַר־

היילטע ווונדן. דעם מעלניקער, ער ווייס נישט פאַר וואָס, האָט די האַלבע האַנט דערמאָנט אין אַ צוגעשניצט, דיק הענטל פון אַ ספר־תורה... דערפאַר אָבער איז דעם פרעמדנס לינקע געווען פול־מאַכטיק, מיט הויכע, ציטער־דיקע מוסקולן און אויף די פינגער האָט ער געטראָגן צוויי גרויסע, גריני־לעכע סיגנעטן. אויפן קאָפּ האָט דער פרעמדער געטראָגן אַ ברייטן, גע־פלאָכטענעם שטרוי־הוט ווי אַ לודקעלע. דער הוט איז אים געזעסן קרומ־לעך. איין שפּיץ — אויפגעהויבן איבערן שטערן, דער צווייטער — טיף צו דער פּאַטעלניצע אַראָפּ. אין דער לינקער האַנט האָט דער פרעמ־דער געהאַלטן אויך אַ קורץ מעסער, וואָס האָט געבלאַנקט מיט אַ רויטער, טריפנדיקער פליסיקייט. די פליסיקייט האָט אויסגעזען ווי בלוט. אין דער ערשטער רגע האָט דער מעלניקער זיך שטאַרק דערשראָקן: אָט איז געקומען צו אים, אַ פאַרבלאָנדזשעטן דאָ אין יידישער איינזאַמקייט — זיין לעצטע לעבנס־רגע. וואָס וויל פון אים דער דאָזיקער אויסטערלי־שער פרעמדער מיטן רויטן מעסער אין דער האַנט? וואָס וויל ער פון אים אין זיין לשון, וואָס איז צו אים לחלוטין פרעמד? בלויז איינאיינציק וואָרט פונעם פרעמדנס אויפגעפּראַלט מויל האָט דעם מעלניקער אַ ביסל באַרויקט. זיין אויפגעפּראַלט מויל איז געווען שטאַרק צעשפּרייט בעתן רעדן ווי דאָס מויל פון אַ לייב, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אַרויסגעריסן פון זיין לייבנשטייג. ער האָט געהאַט ריזיקע ציין, דער פרעמדער, מיט אַ סך געל־שוואַרצע פלעקן. פון זיין אָפענעם מויל־חלל איז געגאַנגען אויפן מעלניקערס פנים אַ שאַרף־טערפקער ריח פון שפּירט.

דער פרעמדער האָט זיך נאָך אַ מאָל צעשריגן אין זיין געמישטער שפּראַך — האַלב פראַנצייזיש, האַלב לשון קודש — דעם מעלניקער גלייך אין פנים אַריין:

— העי, דו, אַלטער! ביסטו משוגע?... מאָן דיע, אַ הונגעריקער בעט־לער? קום מיט מיר, וווּ־אַ־לאַ!... בא אתי!... מבין?... מאָן דיע!... מאָן דיע!...

דאָס איינציקע וואָרט „משוגע” האָט דעם מעלניקער באַרויקט און כאָטש אים איז געווען שווער צו כאַפּן דעם זין פון פרעמדנס גיכע, אַרויס־געוואָרפענע רייד, האָט ר׳ יוסף גבריאל פון דעסטוועגן געהאַט דאָס

געפיל, אַז דער האַלב־נאַקעטער מענטש מײנט נישט צו טאָן מיט אים קײן שלעכטס. ער האָט זיך בלויז שטאַרק געחידושט אויפן פאַרבלוטיקטן מעסער אין זײַן לינקער האַנט. דער מעלניקער האָט די גאַנצע צײַט נישט אַראָפּגענומען זײַנע אויגן פונעם רויטן מעסער־שטאָל, וואָס האָט רויט געלויכטן ווי אַ חלף פון זײַן פויסט אַרויס. אין צעטומלונג און אין פחד האָט דער מעלניקער אַרײַנגעלאָזט זײַן האַנט אין דער טאָרבע און פון דאָרט אַרויסגעהויבן אַ קלײנע, פאַרוויקלטע מזוזה.

— קח... נעם... זה טוב... — האָט ר׳ יוסף גבריאל אַרויסגעשטאַמלט און אויסגעשטרעקט די האַנט צום פרעמדן.

— כ׳זע ביסט אַוודאי אַ הײליקער... אפשר לע סען אליהו? דער הײליקער אליהו? ע טי פע? * רעב? אַלע הײליקע זענען געווען הונגעריק, נע פאַ?... קום מיט מיר!... בא אתי!... מאָן דיע!...

דעם פרעמדנס האַלבע האַנט האָט זיך אַ שאָקל געטאָן פון עפּעס אַן אינעווײניקסטן אומרו. ער האָט דאָס פאַרטריפטע מעסער באַלד אַרײַנגעשטעקט הינטערן פאַסיק, וואָס האָט אַרומגענומען זײַנע קורצע הײזלעך, אַזוי אַז מ׳האָט איצט בלויז אַרויסגעזען דאָס דינע, שוואַרצע הילצערנע מעסער־הענטל.

— האָב נישט קײן מורא, מאָן פּטי וויע...** לא פחד... כ׳ווײס, אַז ביסט אַ הײליקער... מײַן נאָמען איז: זשאַן־אַנטאָניאָ קאַרטישעלי... אָבער רופן רופט מען מיך דאָ: זשאַן, אָדער בלויז: דער קאָרסיקאַנער... האָסט פאַרשטאַנען?... אָבער, זאָג מיר: ווי אַזוי קומסטו אַהער דאָ אַזוי פרי? צי ווײסטו נישט, אַז דאָ ווױנען נישט קײן מענטשן? נישט ווײט פון דאַנען איז ז ײ ע ר גרענעץ... כן, גבול... אין אנשים... קום מיט מיר, מײַן אַלטיטשקער!...

זשאַן־אַנטאָניאָ איז געגאַנגען פאָרויס דער ערשטער, הינטער אים — דער מעלניקער. זײ זענען אָפּגעגאַנגען קוים אַ פּאָר צענדליק טריט — און דער פרעמדער איז געבליבן שטײן. נישט ווײט פון זײ, אונטער די

* ביסטו הונגעריק?

** מײַן אַלטיטשקער...

איילבערט־ביימלעך, איז געשטאַנען אויפגעהויבן אַ געצעלט, אונטער־געהאַלטן אין אַלע פיר זייטן אויף קרומע הילצערנע דרענגער. אויף דער ערד, אונטערן געצעלט, איז געלעגן אַ הויכער באַרג מיט אָנגע־שיטע אַרבוזן. פון איין זייט האָט דער אַרבוזן־באַרג דערגרייכט ביז צום געצעלט־דעכל. נישט ווייט פונעם איינגאַנג איז געשטאַנען אַן אייזערן נידעריק בעטל, און אויף אים — צעוואָרפענע קאָלדרעס. צווישן אַ קליינעם ציגל־שטויס האָט געפלעמלט אַ שוואַך פייער, צעברענט פון קורצע צווייג־לעך. אויפן ציגל־שטויס האָט זיך עפּעס געקאָכט אין אַ בלעכענער, אָפּענער פּושקע. די גאַנצע צייט האָבן זיך פון צווישן ציגל־שטויס געהויבן בלאָלעכע רויך־פליגל, ווי די פליגל פון קליינע פליענדיקע מלאכימלעך. די צעבראָכענע צווייגלעך האָבן געפּלאַצט אין פייער מיט זייערע טרוקענע, קורצע קרעכצן. ביים סאַמע געצעלט־איינגאַנג איז דער מעלניקער גע־בליבן שטיין. ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט צום הילצערנעם דרענגל, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דאָס לייוונטענע געצעלט. ער האָט דערנאָך, אַוועקדרייענדיק דעם קאָפּ, געקושט די פינגער, אַז דער פרעמדער זאָל נישט זען — און הויך געמורמלט:

— מה טובו אוהליך, יעקב!...

זשאַן־אַנטאָניאָ האָט זיך פּלוצעם אויסגעדרייט, דער אַרויסגעפּליסטער־טער נאָמען „יעקב" האָט אים געצווונגען נאָך מערער אָנצוקוקן דעם פרעמדן מיט דער טאָרבע. זיין נאָמען איז טאַקע איצט זשאַן־אַנטאָניאָ, אָבער אַמאָל, נאָך קליינערהייט, געדענקט ער, האָט אים די מאַמע תמיד גערופן מיטן נאָמען: יעקב... יעקב קאַרטישעלי...

— האָסט אָנגערופן, אַלטיטשקער, מיין יידישן נאָמען: יעקב: כ'זע, אַז ביסט טאַקע אַ הייליקער... אפשר אַ נביא... דאָס איז אַלץ איינס, נע פּאַ?... קום נענטער!... זעץ זיך אויפן קעסטל... וואַרף אַראָפּ פון זיך די טאָרבע... טו אויס די שטיוול...

פון דער רגע אָן איז צווישן די צוויי מענטשן, וואָס האָבן גערעדט מיט זיך מערער מיט תנועות ווי דורך די פרעמדע לשונות, געוועזן אי־בעריק יעדעס וואָרט.

דער קאָרסיקאַנער אַרבוזן־הענדלער זשאַן־אַנטאָניאָ קאַרטישעלי, וואָס

פלעגט יעדן זומער דאָ אויפשטעלן זיין גרויס געצעלט בעת ס׳קומט־אָן דער אַרבוזן־זמן — האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישט כדאי מיטן פרעמדן צו רעדן, וואָרעם סיי ווי פאַרשטייט ער נישט קיין איין־איינציק וואָרט פון זיין קאָרסיקאַנער לשון... ער האָט די גאַנצע צייט בלויז אין אים אַריינגעקוקט אַזוי ווי ס׳קוקט אַ וואַלד־חיה אין איר אָפּגעצוימטקייט אויף אַן אָנגעטראָפן פרעמד באַשעפעניש, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט. דער ייִד מיט דער לאַנגער באָרד און ביידע צעפלאָשעטע פאות, די אָנגע־האָנגענע טאָרבע אויף זיין האַלדז, זיינע הויכע געלאַטעטע שטיוול און דער אָפּגעטראָגענער שוואַרצער כאַלאַט — דאָס אַלץ האָט דעם קאָרסי־קאַנער דערמאָנט אין פאַרבלאָנדזשעטע הייליקע, וואָס וואַרפן אַוועק זייער ערדיש לעבן, כדי צו טראָגן גאָטס וואָרט און רחמים צווישן די אָרעמע, ווייניקע און פאַרייִאושטע. פון אַלץ, וואָס האָט זשאַנען אַממייִנסטן געריִרט ביים פרעמדן, איז געווען דאָס פּנים פון מעלניקער און אין זיי — די אויגן. אַזעלכע אויגן ווייסן נישט וואָס איז מענטשלעך רישעות, וואָרעם אין זיי האָט דער הימל אַליין אַריינגעגאָסן גאָטס גאַנצע גנאָד. דאָס זענען די אויגן פון צדיקים. זשאַן האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע שוואַרצע גרויסע פלוימען־אויגן פונעם מעלניקערס ווייסע ווימפּערן, פון זייער דין צידקותדיקער ציטערניש, פון וואַנען ס׳איז צום קאָרסיקאַנער געפלאָסן אַ פאַרגליוורטע, פרידלעכע טוי־זיסיקייט, ווי דער גוטער, היילנדיקער זאַפט פון מילדע פּירות.

צווישן ביידע האָט אַפילו אויפגעהערט דאָס צונויפרעדן זיך מיט תנועות, אָבער זשאַן האָט פון דעסטוועגן נישט אויפגעהערט צו מורמלען צו זיך, ווי ער וואָלט געווען לחלוטין אַליין לעבן דעם אָנגעוואָרפענעם באַרג מיט די ריזיקע, טונקל־גרינע אַרבוזן. ער האָט צו זיך געשמייכלט מיט אַ געבוירן שמייכעלע ווי ביי אַ דזשונגל־חיה, וואָס האָט פלוצעם באַקומען אין איר פאַרזיגלטן, פינצטערן מוח־שאַרבן אַ ליכט־אַנטפּלעקונג נאָך שטומער וואַנדערונג אין חשכות. אַנומלט האָט ער דאָ, אין מיטן נאַכט, זיצנדיק לעבן קאָפּטשענדיקן נאַפט־לאָמפּ און ביי אַ גרויסער, בידע־ריקער לבנה, אַ סך נאָכגעטראַכט וועגן זיך, וועגן די קינדעריאָרן אין

קאָרסיקאַ, וועגן זיין מאַמען, וועגן זיין אַנטלאָפן ווייב, וועגן ייִדן און נישט־ייִדן — און דער עיקר וועגן אים, וועגן גאָט, וואָס האָט אַזוי פיל געשטאַלטן אויף דער ערד, — ביי יעדן פאָלק אַן אַנדער פּנים. ער האָט צו זיך איינגעטענהט, זשאַן־אַנטאָניאָ: דער מענטש איז געגליכן צו אַן אַרבוז — און גאָט אַליין — צו אַ קליינעם שטערן, וואָס נאָר ביי נאַכט, אין דער פינצטערניש, לייכט ער אַראָפּ אויף דער ערד מיט זיין אומדער־גרייכבאַר ליכטיקייט. דער מענטש וואַקסט אַרויס פון דער ערד — און מען ווייס קיין מאָל נישט ווען ער איז רייף צו גאָט, דאָס הייסט, צום שטאַרבן. ביז מען שניידט אין אים נישט אויף דאָס האַרץ־איינגעווייד — ווי, למשל, טאַקע אַן אַרבוז. און דעמאָלט, בעת ער איז אַממיינסטן אָנגע־גאָסן מיט רייפקייט — צעפאַלט ער אונטער דער שאַרף פון מעסער — און איז גרייט צו שטאַרבן... אַלע ייִדן זענען יעטוועדע רגע צייטיק מיט זייער פייערדיק איינגעווייד און מיט זייער האַרטער, פאַרפאַנצערטער שאָל צו שטאַרבן פאַר גאָט. גוט וואָס ער, זשאַן אַנטאָניאָ, געהערט צו אַזאַ פאָלק, וואָס ווייס וואָס אַזוינס ס׳איז דער טויט. ער פלעגט נישט איין מאָל האַלטן צווישן זיינע קני אַזאַ רונדיקן אַרבוז, אויפהייבן אים דערנאָך העכער צו דער ברוסט און דערנאָך אַריינלאָזן דאָס מעסער אין סאַמע מיטן פונעם אַרבוזן־האַרץ. אַ סך בלוט־זאַפטיקייט פלעגט דעמאָלט רינען איבערן מעסער־שטאָל. ער פלעגט דערנאָך איינבייסן מיט זיינע גרויסע, געפלעקטע ציין דעם אויפגעשניטענעם אַרבוז. ער איז געווען זיס, שטאַרק זיס, גאָטס פּרוכט־קרבן אויף זשאַנס ליפּן. מסתם איז אויך אַזוי זיס דער פלוס פון בלוט פאַר גאָט, בעת ער צאָרנט איבערן מענטשן — דער גאָט פון נקמה און פון רחמים... און ס׳האַרץ האָט זיך אין אים געוואָרפן, אין זשאַנען, פון פרייד און פון פּחד, נאָגנדיק אין זיך אַריין דאָס זיסע, האַלב־וואַרעמע געטראַנק פון דער אויפגעשניטענער פּרוכט. זי, די פּרוכט, וועט קיין מאָל נישט פאַרשווינדן פון דער ערד, גראָד אַזוי אויך די שטערן פון הימל. און גראָד אַזוי: די ייִדן אויף דער ערד. קיין מאָל וועט זייער בלוט נישט אויסגיין ביזן לעצטן טראָפּן, וואָרעם אין סאַמע מיטן פון זייער האַרץ זיצן די אומצאָליקע שוואַרצע, גליטשיקע אומשטאַרביקע קערעלעך. זיי לייכטן אַרויס פונעם רויטן פלייש מיט

זייער פּרוכפּערדיקן נייעם זוימען, פון וואַנען ס'גייט אויף, נאָכן טויט, דאָס אייביקע ליכט פון לעבן.

זשאַן אַנטאָניאָ פלעגט אין זיין אָפּגעצוימטקייט האָבן נאָר איין־איינציקע טענה: פאַר וואָס האָט אים גאָט אָפּגענומען די האַלבע האַנט? דערפאַר קאָן ער נישט די אַרבוזן אַרומנעמען מיט ביידע האַנט־פּלאַכן. און אויך נישט קיין שום ווייב. אפשר איז סוזי טאָקע אַנטלאָפן צוליב דעם, וואָס ער האָט זי נישט געקאָנט אַרומנעמען מיט ביידע הענט? זינט יענעם טאָג ווען דאָס איז געשען — אין די ירושלימער בערג, בעת דער לעצטער מלחמה מיט די אַראַבער — האָט ער נישט אויפגעהערט יאָמערלעך צו קושן זיין אָפּגעשניטענע האַנט... גראַד ווי ער האָט עס געטאָן דעמאָלט אויפן פעלד... אפשר האָט זיך אים דאָס בלויז דעמאָלט אויסגעדוכט פון צו פיל נאַרקאָזע... זינט ער פאַרנעמט זיך דאָ מיט די אַרבוזן האָט זיין לינקע האַנט באַקומען אַזאַ פלינקייט און גענויקייט ביים אויפהייבן אַן אַרבוז, ביים איבערוואַרפן אים אין דער הייך אויף דער זעלביקער האַנט, אַז מאַנכמאָל איז אים אויסגעקומען ווי ער וואָלט בכלל געבוירן געוואָרן בלויז מיט איין האַנט און דער פאַרלוירענער צווייטער האַלבער אָרעם ביזן עלנבויגן — איז אים לחלוטין איבעריק. פון דעסט־וועגן האָט די פאַרבליבענע האַלבע רעכטע האַנט תמיד מיטגעציטערט בעתן אויפהייבן אַן אַרבוז פונעם באַרג. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע האַנט — אויך די האַלב־פאַרשווונדענע — הייבט אויף פון באַרג דעם אַרבוז. ער האָט דעמאָלט שאַרף אַריינגעקוקט אינעם האַלבן וואַקלענדיקן אָרעם, אין זיין קנאָכיקן שפּיץ, וואָס האָט זיך געוואָרפן, בעת די פאַרענדיקטע אָדערן אַרום דער לאַנג־פאַרהיילטער ווונד זענען געוואָרן אָנגעלאָפן מיט שטראַלן פון פליסנדיק בלוט. די שטראַלן האָבן זי געמאַכט רויט ווי אַן אונטערגעצונדן שטיק האָלץ.

קוקנדיק די גאַנצע צייט אויפן מעלניקער, נאָך דעם ווי די מחשבות האָבן אים געמאַכט מיד און שווער, האָט אַנטאָניאָ געטראַכט: הייסט עס, אַז דער־אָ מענטש מיט דער טאָרבע, דער ווילד־באַוואָקסענער ווי אַ באָק און מיט די בלאָע אויגן פון אַ קינד, איז אפשר טאָקע אַ הייליקער, אַ

ייִדן, וואָס איז צוריקגעקומען פון דאָרטן... ווו מ'האָט זיי פאַרברענט — די ייִדן, מיט זייערע ווייבער און קינדער... און זע — אַ חידוש: אַלץ, וואָס איז געשען דאָרט מיט אים און מיט די פרעמדע, טויטע ייִדן — האָט גאָרנישט פאַרמינערט אין אים פון זיין אמונה אין גאָט... אַנטאָניאָ האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. אַ בושה, ווי אַ ווילד ברענענדיק געוויקס, האָט זיך געוויקלט אַרום זיין האַרץ און אים געמאַכט טרויעריק און איינגעפאַלן. שוין יאָרן ווי ער האָט דאָ געלעבט, אַנטאָניאָ, צעקריגט מיט גאָט און מיט מענטשן און בלויז מיט די שטומע טויטע אַרבוזן. זיי, די אַרבוזן, פלעגן תמיד פאַרשווינדן אויף די צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך, געשפאַנט אין דאַרע, שטאַרק־אויסגעמאָגערטע אייזעלעך. זיי, די וועגע־לעך, האָבן דאָס צעפירט פון דאַנען די פרוכט אין דער שטאָט. בלויז ווינטער־צייט, און אויך זומער, בעת ס'איז נישט געווען דער אַרבוזן־זמן — האָט טאָניאָ איינגעוויקלט דאָס געצעלט. ער איז אַוועק דעמאָלט וווינען אין דער פאַרלאָזטער אַראַבישער חורבה, צווישן די שיפּועדיקע בערג־וועגט אינעם וואַדי. אָבער זיין צעקריגטקייט מיט גאָט און מיט מענטשן האָט ער אויך געפירט דאָרט, אינעם פאַרלאָזטן וווין־ווינקל. ער האָט נישט געקאָנט איצט תופס זיין ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז דער דאָזיקער געשטראָפטער פרעמדער ייִד זאָל אין זיך נישט האָבן קיין שמץ פון מלחמה מיטן הימל. איז ער דאָך איינער פון יענע, פון דער שחיטה, בעת ער, טאָניאָ, האָט אויפגענומען דאָס אַלץ בלויז פון דער ווייטנס ווי מען נעמט אויף אָן פחד דאָס ווידערקול פון אַ צעקרישלטן דונער. וואָס איז שוין זיין, אַנטאָניאָס אומגליק, אַנטקעגן דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אים, דעם אויסטערלישן אַלטיטשקן, דעם שליח פון אַ געשאָכטן פאָלק? און, אפשר, איז ער, דער פרעמדער מיט דער טאָרבע, טאַקע מער נישט ביי די קלאָרע מחשבות? וואָרעם בלויז דער — טראַכט טאָניאָ — וואָס טראָגט־נאָך־אַרום גאָטס אָטעם צווישן מענטשן, נאָך דעם ווי גאָט אַליין האָט אין צאָרן זיך פון אים אָפּגעווענדט — צי קאָן מען אויף אַזאַ איינעם זאָגן, אַז ער גייט אַרום אויף דער ערד מיט געזונטע חושים? און, אפשר, ווער ווייס, צי דאַרף ערשט קומען דער תהומיקסטער נסיון פאַרן מענטש, כדי ער זאָל אויפהייבן זיינע ווימפּערן און דערקענען

די אומפּאַרמיידלעכע ממשלה פון גאָטס ווילן אויף דער ערד, וואָס איז פאַרשריבן אין די צען מידבר־געבאָטן?... אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס דער פרעמדער פאַרשטייט נישט זיין לשון. ער וואָלט געהאַט מיט אים וועגן אַ סך זאַכן איבערצושמועסן: וועגן זיין אַנטלאָפן ווייב... וועגן זיין מום... וועגן זיין שטענדיקע מלחמה מיט גאָט... און אויך וועגן די אַרבוזן מיט זייער האַרץ־רויטקייט... וועגן די אומצאָליקע שוואַרצע קערעלעך... ער וועט פּרוּוון צו אים קומען נענטער מיט זיין ביסל עברית־לשון און קודם כל זען וואָס אַזוינס טראָגט ער דאָרט, דער זקן, אין זיין שווערער אַראָפּ־הענגעדיקער טאָרבע...

ר׳ יוסף גבריאל האָט זיך דערווייל אַ מידער געהאַט אַראָפּגעלאָזט אויף אַ נידעריק מאַראַנצן־קעסטל, וואָס איז געווען איבערגעקערט מיטן דנאָ אַרויף. ער האָט פאַוואָליע אַראָפּגענומען פון האַלדז די טאָרבע און זי אַוועקגעלייגט צופיסנס. פאַרשטאַרט האָט ער געקוקט פאַר זיך אינעם גרויסן באַרג טונקל־גרינע אַרבוזן. זייער קאָליר האָט איצט געהאַט אַ העלערע ליכטיקייט, אַזאַ פון אַ פלאַך־פּליסנדיקן טייך, ווו ס׳שפּיגלען זיך אָפּ די געדיכטע, אַראָפּהענגענדיקע ביימער־בלעטער. די־אָ לויכטנ־דיקע גרינלעכקייט האָט זיך אַלץ מערער געשטאַרקט מחמת דעם ערשטן מאַרגנליכט, וואָס איז שוין אויך געפאַלן אויפן געצעלט־דעכל. טאָניאָ האָט אויסגעלאָשן דעם נאַפט־לאָמפּ. ער האָט אַראָפּגענומען פונעם ציגל־שטויס די בלעכערנע פּושקע, ווו ס׳האָט זיך געקאָכט עפּעס שוואַרצס און איינגעקורטשעטס. פונעם ציגל־שטויס האָט זיך אינעם געצעלט פאַרשפּרייט אַ פלייִשיקער, שאַרפער ריח, וואָס האָט דעם מעלניקערס האַרץ אָנגעפילט מיט עצבות.

— ביסט הונגעריק, אַלטער... עס!... עס!... לחם יש... אבטיח יש... סע טו — זה הכול... ביען?... מאָן דיע, ווי מאָגער דו ביסט... כ׳האָב נאָך אַזאַ מאָגערן מענטש אין מיין לעבן נישט געזען!... אָן אַ פּיצל פלייש אויף די ביינער!... ווילסט אַ טעפּעלע קאַפע?...

— ניטע... לאָ... לאָ... חלילה!... — האָט דער מעלניקער צוריקגעמורמלט, באַוועגנדיק מיט דער האַנט אין אַ האַלבער תנועה. ער האָט אַלץ נאָך נישט געקאָנט אַוועקנעמען די אויגן פונעם גרויסן אַרבוזן־באַרג. זיי האָבן אַלע,

די אַרבוזן, איצט גענומען לויכטן אונטערן ליכט פון געצעלט־דעכל ווי נאַר־וואָס געבוירענע, גרינע זונען.

— פורקואַ ?... למה ?... מאַן דיע !... אתה זקן — אני צעיר, כן ?... איין מענטש דאַרף דעם צווייטן העלפן, נע פאַ ?.. ווען נישט — צו וואָס וואָלט גאָט באַשאַפן די מענטשן, די וועלט, דעם הימל, די ערד ?... שטאַרקע און שוואַכע ?... בלויז צו טאָן שלעכטס די שוואַכע ? ניין, מיין הייליקער ! נאָ, מאָן סען !... נאָן פור לע מיזעראַבל איז געשאַפן די וועלט... נישט פאַר שלעכטס... נע פאַ ?... וואָס פאַרקויפסטו דאָרט אין דיין טאָרבע, אַל־טיטשקער ?...

לכתחילה האָט ר׳ יוסף גבריאל נישט פאַרשטאַנען קיין סך פון טאַניאָס רייד. ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן אויפצונעמען זייער זין. דאָס איז געקומען צו אים מערער פון קאָרסיקאַנערס תנועות ווי פון זיינע רייד. זיינע ווערטער זענען געווען אַ קנויליק געפּרעפּל פון דריי פאַרשיידענע לשונות. אָבער אַז טאַניאָ האָט פּלוצעם זיין לינקע האַנט אויסגעשטרעקט צו דער טאָרבע, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד לעבן דעם מעלניקערס פיס — האָט ר׳ יוסף גבריאל זיך איינגעבויגן און אַליין גענומען אויפ־בינדן די טאָרבע. ער האָט בשעת מעשה געטראַכט : צי מעג מען לויטן דין אויפהענגען אַ מזוזה אויף אַ הילצערנעם סלופּ אין מיטן פעלד, אויף אַזאַ וואָס האַלט־אונטער ביים אַריינגאַנג טאַניאָס געצעלט ? צי וועט ער נישט עובר זיין אויפן פסוק : וכתבתם על מזוזות ביתך ושעריך ? — אָבער די וואַרעמע נאָענטקייט פונעם אויסטערלישן מענטשן, זיינע שמייכ־לענדיקע אויגן, און בעיקר — זיין אָפן מויל און די ליפּן, פון וואַנען ס׳איז די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגעגאַנגען זיין דין רחמים־שמייכעלע צוזאַמען מיטן פליסטערן ווי פון אַ גוטן מלאך, האָט דעם מעלניקערס האַנט אַלץ שטאַרקער געשטויסן אַרויסצונעמען פון דער טאָרבע אַ צע־קנייטשטע, איינגעוויקלט פאַרמעטל.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט זשאַן־טאַניאָ געזען די־אָ פאַר־מעטענע, פאַרהוילענע מזוזה־איינגעווייד, וואָס איז געלעגן איצט אויף דעם מעלניקערס האַנט. ער האָט ביז איצט געקענט בלויז די דרויסנדיקע שיידלעך און כלערליי רעמלעך, וואָס די אָנגעקלאַפּטע מזוזות האָבן פאַר־

באַרגן אין זיך. קיין איין־איינציק מאָל האָט ער אָבער ביז איצט נישט געזען דאָס, וואָס ליגט איצט אינעם זקנס אַלטער, צעקנייטשטער האַנט־פלאַך. אין טאַניאַס אויגן האָט עס אויסגעזען ווי אַ דיקער, ווייסער גילז פון אַ ציגאַרעט, וואָס וועט באַלד אויפגיין מיט רויך צווישן דעם אַלטנס ליפּן.

— קעס־קע־סע? מה זה?...

ר׳ יוסף גבריאל האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו ענטפערן. ער האָט בלויז אויפגעהויבן זיינע צוויי פינגער אין דער הייך, צום געצעלט־דעכל. דערנאָך האָט ער אויך אויפגעהויבן דאָרט זיינע אויגן. אויבן, אין געצעלט־דעכל, איז געווען אַן אָפענע, ברייטע שפּאַרע, ווו מען האָט געזען דעם שטאַרק־בלאָען, אויפגייענדיקן הימל. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער און דער אַרבוזן־הענדלער געפינען זיך ערגעץ ווו אין אַ טיפן ברונעם. ביידע קוקן זיי פון דאָרט אַרויף אין דער הייך, ווו ס׳הענגט אויסגעשפּרייט דער פרימאָרגן־הימל, געשפּונען פון שטאַרק בלאָען זייד.

— ש...ד...י... — האָט דער מעלניקער פרום געמורמלט, אַראָפּגעלאָזט זיינע צוויי אויפגעהויבענע פינגער, בעת די אויגן זיינע, פאַרשעמטע מיט אַ נישט־ערדישער בושה און הכנעה, האָבן אַראָפּגעבליקט צו זיינע פאַר־שטויבטע שטיוול־שפּיצן — ש...ד...י... מזו...זה...

— קעס קע סע? מה זה שדי?...

דער מעלניקער האָט ווידער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום פּיצל הימל, וואָס האָט אַריינגעקוקט דורך דער שפּאַרע פונעם געצעלט־דעכל.

— אלוהים... אבא בשמים... שדי...

— אָ, ביען, ביען... אלוהים — שדי — דיע... דער יידישער גאָט, וואָס שטראָפט אַזוי... שדי — דער גאָט פון די גאַז־אויוונס... נע פּאַ? זאָג מיר, מיין אַלטער, אַז שדי איז אונדזער אייביקער גאָט, פּורקואַ, פאַר וואָס שטראָפט ער אונדז פון אייביק אָן, האַ? פאַר וואָס, פרעג איך דיך, פאַר וואָס? פאַר וואָס?...

— לא יודע, אדון זשאַן... לא יודע... שדי — בסדר... אנשים — לא בסדר... יבוא המשיח במהרה בימינו...

דער מעלניקער האָט איבערגעקערט דאָס פאַרמעטל אויף דער צוויי־

טער זייט, פון וואַנען ס׳האָט אין ז[illegible]ר געצעלט־גראָקייט שטאַרק געלויכטן דאָס אויסגעכּתיבהטע כּישוף־וואָרט: שדי.

זשאַן־טאָניאָ האָט זיך איינגעקוקט אין די שפּיציק־פּאַרענדיקטע אור־תיות פונעם וואָרט. זיינע אויגן, ווי צוויי שוואַרצע, שמייכלענדיקע שטיינדלעך, זענען שוועבן אַראָפּגעזונקען אויף די דריי יידישע אותיות. דער שין האָט אין זשאַן־אַנטאָניאָס אויגן אויסגעזען ווי אַ שווימענדיק דאַמף־שיפל מיט זיינע צוויי עקיקע פון ביידע זייטן אונטערגעהויבענע שפּיצן, בעת דער שפּיץ אין דער מיט האָט זיך אויפגעהויבן העכער ווי אַ שוואַרצער שיף־קוימען. דער דלת האָט זיך אים באַוויזן ווי אַן איבערגעקערטער, צעבראָכענער אַנקער — און לסוף דאָס קליינע פּינטעלע מיט די צעטיילטע, דינע, שוואַרצע שטראַלן. זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון זיין פּאַרבויגן קעפּל ווי די ציטערנדיקע, שפּיציקע ליכט־שטראַלן, וואָס ס׳שלאָגט פון זיך אָפּ אין דער פינצטער אַ נאַכט־שטערן.

דאָס, וואָס זשאַן־אַנטאָניאָ האָט געקאָנט דאָס ערשטע מאָל פון גאָר נאָענט זען די דאָזיקע שפּיציקע, שטראַליקע סימנים, וואָס האָבן פאַר אים אין זיך פאַרגליווערט דאָס פּנים פונעם אומרחמנותדיקן, אייביקן גאָט, האָט אים אָנגעפּילט מיט אַזאַ אויסטערליש געפיל, אַז ער האָט אויף אַ רגע געמוזט פאַרמאַכן זיינע אויגן. זיין רעכטע, אָפּגעשניטענע האַנט האָט גענומען שטאַרק אונטערציטערן. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אָן אויפ־הער געשאַרט דאָס שיפל, דער איבערגעקערטער אַנקער און אויך די שפּיציקע שטראַלן פונעם קליינעם, צעשפּאָלטענעם פּינטעלע, וואָס דער אַרויסגעוואָרפענער שיף־אַנקער האָט אים די גאַנצע צייט געפּרווט דעריאָגן.

— שדי... שדי... — האָבן דעם קאַרסיקאַנערס ליפּן אַלץ גליווערדיק גע־מורמלט. דעם מעלניקער האָט זיך אויסגעוויזן, אַז טאָניאָס רעכט אויג איז דערוויייל פלוצעם פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ טרער אין דער גרייס פון אַן אַרבוזן־קערל. ס׳איז טאַקע געווען אַ טרער — דאָס דורכזיכטיקע אַרבוזן־קערל, וואָס האָט זיך געגליטשט צום לינקן אויגן־ווינקל. די טרער איז געבליבן דאָרט הענגען אויף זיינע אונטערשטע ווימפּערן און נישט געקאָנט אַראָפּפאַלן.

— שדי... שדי... — האָט אים נאָכגעפּליסטערט דער מעלניקער און דערוויל אַריינגעלייגט דאָס פּאַרמעטל אין אַ שיידל, צוגעגאַנגען צום רעכטן האַלץ־סלופּ, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דאָס געצעלט-דעכל.

זשאַן־טאָניאָ איז געטרעטן הינטער אים אַ באָרוועסער, אַ נאַקעטער ווי אַ שווערער ווילדער לעמפּערט, וואָס איז נאַר־וואָס אַרויס פון דזשונגל־געדיכטעניש. ער האָט זיך צוגעקוקט אַ שווייגנדיקער ווי יוסף גבריאל קלאַפּט אָן אויפן סלופּעק די מזוזה, פון וואַנען ס'האָט אַראָפּ־געקוקט דאָס אויסטערלישע וואָרט.

ס'איז געוואָרן שטיל נאָך דעם ווי ר' יוסף גבריאל האָט פאַרענדיקט זיין מלאכה. אַ גרינע, פאַליענדיקע שטילקייט, איז אויפגעגאַנגען פונעם גרינעם אַרבוזן־באַרג. אין דרויסן האָבן ווייך געתפילהט אינעם ווינט די נידעריקע איילבערט-ביימער. טייל מאָל האָט אַ פויגל דורכגעפּלאַטערט. ער האָט אויסגעשריִען זיין ערשטן, פויגלשן געשריי און דערנאָך אַראָפּ־געשוועבט אינעם וואַדי. הינטער אים האָט נאָכגעשוועבט זיין פויגלשער שאָטן אויף די גלאַטע בערג־ווענט. דער שוועבנדיקער פויגל־שאָטן האָט אויסגעזען ווי אַ צווייטער, שוואַרצער פויגל וואָס רייסט זיך פונעם באַרג און קאָן נישט פון אים אַרויס — פון זיין באַרגיקער געפּענקעניש.

דער קאָרסיקאַנער האָט זיך אָנגערופן:

— מאָן אַמי... אתה מאמין באלוהים?... זה טוב... טוב... קשה בלי אלוהים... קשה... קשה... אדם צריך אלוהים... גם אלוהים צריך אדם... נע פּאַ? גם אני — שדי... טרע ביען... טרע ביען... מיין אַלטיטשקער... קום צו מיר אָפּט!... אַ שטיקל ברויט איז שטענדיק דאָ... אַ פּאָר אייל־בערטן... אויך גאָטס רויטע זיסע פּרוכט — אבטיח... ביסטו געווען דאָרט

— אין יענע בייע הייזער?

— געווען...

דעם מעלניקערס ליפּן האָבן זיך שאַרף אויסגעקרומט מיט אַן איינגעה־האַלטענעם ייִדישן קרעכץ.

— גיי דאָרט נישט אַהין, הערסט, אַלטער? גיי נישט... איך ווייס פאַר וואָס... איך קען זיי אַלע גוט, זייער גוט... זיי דאַרפן דיך נישט... נישט דיין שדי... זיי האָבן מער נישט קיין גאָט... קיין שום גאָט, הערסט?

— בלויז די שיינע הייזער האָבן זיי... די רויטע טעפּעכער... מער גאָרנישט נישט... גיי בעסער צו די, וואָס זיצן אין די געצעלטן... אין די קליינע הייזלעך... אין די חורבות... צו די אָרעמע גיי... זיי זענען שטענדיק מיט שדי און שדי האָפּט נאָר אויף זיי... יאָ, יאָ... גלייב זשאַנען וואָס ער זאָגט — ...ער איז נישט שיכור... אַ גאַנץ יאָר מייד איך זיי אויס — די שיינע הייזער... דאָרט איז סדום... כ׳וווין אין אַ געצעלט, אויף דער צוויי־טער זייט וואָדי, זעסט דאָרט יענעם שפּיץ פונעם בוים? אָט אָ דאָרט וווין איך... נישט איך אַליין... הונדערטער... טויזנטער... אָבער גלייב מיר, אַלטיטשקער: ס׳וועט קומען אַ צייט און זיי וועלן אַלע אַוועקוואַרפן די שיינע הייזער, די רויטע טעפּעכער, און זיי וועלן צוריק אַריין אין די געצעלטן... לעבן אויף די פעלדער... צוריק צו שדי... צו דער ערד... ס׳לאַנד איז אַ מידבר... שטייט נישט געשריבן אין דער ביבל וועגן דעם? זאָגט נישט דער נביא וועגן דעם? דו מוזסט עס וויסן בעסער פון מיר. נע פּאַ? אָט אַזוי, מיין אַלטיטשקער: זומער — מיט די אַרבוזן דאָ; ווינטער — דאָרט, ביז ס׳גייען־איבער די רעגנס... גוט, וואָס ביסט דאָ אַהערגע־קומען... אַנגעקלאַפּט שדי... שדי איז אַ שענער וואָרט פון דיע... יעדעס פאָלק האָט זיין גאָט, אָבער נישט — שדי... שדי האָבן בלויז מיר ייִדן, נע פּאַ, אַלטיטשקער?...

זשאַן־טאַניאָ האָט ערשט איצט באַמערקט, אַז בעתן רעדן האָט ער דערווייל ווידער אַרויסגענומען דאָס פאַרשטעקטע מעסער, וואָס איז נאָך געווען רויטלעך פון אַן אויפגעשניטענעם אַרבוז. ער האָט דאָס מעסער גיך אָפּגעווישט אין די קורצע הייזלעך און אָנגעהויבן שניידן פון אַ גרויס שוואַרץ ברויט דיקע רונדיקע שטיקער. דערנאָך האָט ער דאָס מעסער אַריינגעלאָזט אין צוויי גרויסע שווערע אַרבוזן, זיי פאַרוויקלט אין פּאַפּיר און דאָס אַלץ דערנאָך אַריינגעשטופּט אין מעלניקערס אָפענער טאָרבע.

— לאַ!... לאַ!... ניטע!... ניטע!... — האָט זיך ר׳ יוסף גבריאל געווערט אַנטקעגן דעם קאָרסיקאַנערס באַקעטער האַנט מיט די פּעקלעך.

אָבער זשאַן־טאַניאָס אָרעמס זענען געווען ווי צוויי צעגליטע צוואַנ־גען. דער מעלניקער האָט נישט געקאָנט ביישטיין זייער כוח און דער כוח האָט אין זיך גאָרנישט נישט געהאַט אַזוינס, וואָס קומט פון מענטשנס

גשמיותדיקן גוף. אין זיין האַסטיקער, גבורהדיקער תנועה האָט דער מעלניקער דערפילט אַ נייע, ביז איצט נישט־אַנטפּלעקטע מאַכטיקייט, וואָס קומט צו די בעלי תשובה נאָך זייער גרויסן יאוש. דער צוואַנגישער כוח פון זשאַן־טאַניאַס אָרעמס האָבן דעם מעלניקערס הענט גאָר איידל אָפּגעשטויסן און ער האָט מיט זיין לינקער האַנט אויפגעהויבן פון דער ערד די טאָרבע און זי פּאַוואָליע אַרויפגעלייגט אויף יוסף־גבריאלס צוויי אַרויסשטייגנדיקע פּלייצע־ביינער. די גאַנצע צייט איז זיין מויל געווען אָפן, אַפילו דעמאָלט בעת ער האָט אים דורכגעפירט דורכן אַרויסגאַנג, און נישט אויפגעהערט צו רעדן צום מעלניקער:

— מאָן שדי... נעם, נעם!... קח... קח... און קום אָפּט!... קום שטענדיק מיט שדי... ווען וועסט נאָר זיין הונגעריק... אָבער געדענק, מיין אַלטער: גיי נאָר צו די געצעלטן!... צו די אָרעמע — און נישט אין די שיינע הייזער... אַרעוואַר, מיין אַלטיטשקער... אַרעוואַר... שלום!... שלום!... מיין הייליקער אַלטיטשקער!...

*

ווי אַן אָנגעפילטע מיט פעלדז־שטיינער — אַזוי שווער איז געווען די טאָרבע, וואָס דער מעלניקער האָט אַרויסגעטראָגן פון קאָרסיקאַנערס אַרבוזן-געצעלט. אפשר איז בלויז דאָס האַרץ אין אים געווען אַזוי שווער — און נישט די טאָרבע, מחמת די רייד, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהערט פון זשאַנען. אַלץ איז דאָ געווען אַזוי פאַרהוילן, אויסטערליש און אומקלאָר. אַפילו דער הימל איבער אים האָט איצט געהאַט אַ רויטלעך־בלאָלעכן בליאַסק, ווי פאַרגאָסן מיט צאָרן. אפשר — טראַכט דער מעלניקער — וויל גאָרנישט דער הימל, אַז ער, יוסף־גבריאל, דער סופר סת״ם, זאָל פאַרשפּרייטן זיין וואָרט און זיין נאָמען ווי אַ מאָל אין דער אַלטער היים? ער זעט דאָך, דער מעלניקער: אַנדערע יידן... אַנדערע לשונות... אָן שדי... אפשר איז גערעכט דער פרעמדער? ס׳קאָן דאָך זיין, אַז צוזאַמען מיט יצחק־אַנטשלען און מיט אַלע יידן איז אויך אומגעקומען דאָס מלכות פון ש...? אוי, יוסף גבריאל, צו וואָס אַלץ דיינע שווערע מחשבות קאָנען דיך דערפירן!... פינצטערנישן און קלעמענישן קומען אויף דיר, מעלניקער סופר סת״ם!... — האָט עס אין אים געריסן מיט פינצטערע צוואַנ־

גען — און אפשר איז עס נאָר געווען אַ נסיון? אַ ביטערע פּרווונג פון שטן ווי מיט איוב, האַ? אייביק פּרוווט ער זיין אויסדערוויילט פאָלק... ווערמען זאָל ער, ברוך הוא, פּרווון, אויב נישט זיינע בעסטע? די בעסטע זענען תמיד אין סכנה... דאָס שלעכטס איז דאָך שוין סיי ווי ביים לעבן פאַרשניטן מיט אַ שווערן גזר פון פינצטערניש... תמיד פּרוווט ער אונדז מיט אַ שאַרפערן און שווערערן נסיון... דאָס אַלץ מוז דאָך מסתם האָבן אַ מאָל אַ גוטן און היילִיקן סוף, מעלניקער, האַ? אַ גוטער סוף פון אַלע בייזע נסיונות... צי בלאָזט דער ווינט אומזיסט? צי לייכט די לבנה אין קרייז פון די שטערן אומזיסט אין אַלע אַשמורות? און דאָס גראָז, וואָס גרינט, וואַקסט נישט צום שטאַרבן? אַלץ אַרום דיר, מעלניקער, לעבט אין גרויסן נסיון. אַלץ ציט זיך צום גרויסן שלאָף, ווי אַ קינד צו אַ מאַמעשן ברוסט־וואָרצל. זייגט, זייגט — און שלאָפט־איין... און ווייִ, מעלניקער, ווי זיס איז דאָס שלאָפן פון אָן עופּעלע ביי דער מאַמעס מילך־וואָרצל!... און די גאַנצע ערד — איז זי נישט אַ גרויסער ניסיון, מעלניקער, טריפט זי נישט מיט שימלדיקן גיפט און מיט זיסער מילך? טאָ פאַר וואָס זשע ביסטו מורד אין מלכות שדי? ווער ביסטו, יוסף גבֿ־ריאל, מעלניקער מוילווורף, וואָס ווילסט אַ תשובה פון אים, וואָס איז אייביקע גערעכטיקייט אין זיין פאַרשטומטקייט און פאַרגליווערטקייט? רבונו של עולם! פיר מיך צוריק פון וואַנען דו האָסט מיך געבראַכט, ווייז מיר אַ שטעגל, כ'זאָל נישט פאַרלירן דיין גנאָד... פיר מיך פון דער שלאַנגען־הייל, ווו מיינע מחשבות זענען אַריינגעפאַלן, טאַטע דער־באַרעמדיקער!...

דאָס זענען אַלץ געווען קאַלטע, אָפּגעריסענע מחשבות, וואָס דער מעלניקער האָט, גייענדיק אַזוי מיטן וואָדי, צו זיך אַליין אָטעמלאָז געפליס־טערט. די ווערטער פון זיין מויל זענען געפאַלן אַרום אים אויף דער ערד ווי קאַלטע, אָפּגעשיילטע קערנער. און אין מיטן גאַנג האָט פּלוצעם אויפגעלויכטן אַ מחשבה ווי אַ גרויסער רעטונג־גאַרטל, וואָס זיינע יסורים האָבן אים אַליין צוגעוואָרפן. און ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן דאָ־זיקן רעטונג־גאַרטל, דער מעלניקער, און מיט אים אַרומגעבונדן זיין וואַקלענדיקן אַלטן גוף. ער האָט שוין געוווּסט, אַז ער שפּאַנט זיכער אין

זיינע שווערע שטיוול און אַז עמעצער מיט זיינע שפּיץ־פינגער — שטראַלנדיקע, וואַרעמע און ליכטיקע — פירט אים אַרויס פון דער פינצ־טערער שלאַנגען־הייל. ער האָט געוווסט שוין דעם וועג, וואָס איז פאַר אים און זיין טאָרבע אָנגעגרייט. אָט איז ער אַליין דורכגעקומען דעם גרעסטן ניסיון. איצט ווייס ער ווו עס ליכטיקט דער אור הגנוז. ער וועט גיין אַהין, ווו ס׳זיצן די אָרעמע און פאַרלאָזטע, צו די ווינטיקע ביידלעך און צו די געצעלטן, דאָרט, ווו ס׳וואַרטן אויף אים די פאַרייִאושטע און שוואַכע. צו זיי וועט ער צוריקברענגען דאָס פאַרבלאָנדזשעטע וואָרט, וואָס ער טראָגט פאַרוויקלט אין דער שווערער טאָרבע אויפן האַלדז...

ער איז געגאַנגען אַן איינגעבויגענער אונטער די איילבערט־ביימלעך. אַ פאָרכטיק, הייס געפיל האָט אים די גאַנצע צייט נישט אָפּגעלאָזט, ווי עמעצער וואָלט אויף אים געבלאָזן אַן אויפהער מיט זיין גלעטנדיקן פאַרבאָרגענעם אָטעם. קליינע פייגל־טשאַטעס האָבן זיך אויפגעהויבן פון צווישן די איילבערט־צווייגן. גאָר נידעריק זענען זיי אים פאַרבייגעפלויגן איבערן קאָפּ, בעת ער האָט זיך נאָר דערנענטערט צו די ביימלעך. ער האָט אַפילו באַשיימפּערלעך געהערט דאָס פויגל־שאָרכעריי איידער זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אין זייער פלוצעמדיקן פלי. זייער צוויטשערן האָט אים באַגלייט דעם גאַנצן וועג — ביז ער האָט זיך נישט דערנענ־טערט צו דער שוועל פון זיין ווינאָרט און נישט געעפנט די גרויסע פאַרזשאַווערטע טיר.

*

ערשט נאָכן אַריינקומען אין חדר האָט זיך אינעם מעלניקער געעפנט דאָס האַרץ. ס׳איז געווען ווי דאָס האַרץ האָט זיך אים פאַרוואַנדלט אין אַ ווילדן מידבר־בוש, וואָס זוכט אונטער זיך די וואַסער־זיסקייט פון דער פאַרשטויסענער און פאַרשטאָרבענער ערד. ער איז פון שוואַכקייט אַוועק־געפאַלן אויפן בעטל ווי דורכגעשאָסן מיט אַ שפּיז, בעת די טאָרבע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אויפן דיל. די פאַרמעטלעך האָבן זיך צעשיט אויפן שטיין־דיל. פונעם מעלניקערס פאַרטרוקנט אינגעווייד איז אויפ־געשטאַנען דער הונגער — שפּינוועביק, שטיל ווי געוועבט פון אַ גרויסער, באַהאַלטענער שפּין. זי, די שפּין, אין איר ציטערדיקער, גראָער דורכ־

זיכטיקייט, האָט מיטגעפלאַטערט מיט דעם מעלניקערס האַרצקלעפּ. פון זיינע פינצטערע האַרצקאַמערן האָבן זיך אויפגעהויבן די קלעפּ, לכת־חילה הויך ווי די קלעפּ פון שנאָבלען, שפּעטער — שטילערע, געזונקענע ווי די טריט אין אַ חלום. ער האָט געהאַלטן די גאַנצע צייט די אויגן פאַר־שלאָסן און גאָרנישט געזען פאַר זיך. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז עמעצער שטייט פאַר אים. אַ גרויסער לויכטנדיקער שאָטן האָט זיך געוויגט און זיך אַריבערגעבויגן איבער זיינע געשלאָסענע ווימפּערן. ער האָט אָבער די אויגן־לעדלעך עפענען נישט געקאָנט. זיי האָבן בלויז אונטערגעציטערט. ס'איז געווען צו זען, אַז דער מעלניקער געפינט זיך מיט עמעצן אין אַ שווער געראַנגל. זיינע ליפּן האָבן זיך אָנגעבלאָזן, געוואָרן בלאָלעך־אָנגעשוואָלן, בעת די באַקן, אַרומגענומען מיט דער גראָער באָרד, האָבן זיך אָנגעפילט מיט לופט ווי אַ פול מויל מיט וואַסער ביי אַ דער־טרונקענעם.

און ר׳ יוסף גבריאל האָט געפירט דעם שמועס מיטן גרויסן דורכ־זיכטיקן שאָטן האַלב אין חלום, האַלב אין שלאָף, מאַנכמאָל מיט אונ־טערגעהויבענע אויגנדעקלעך, מיט זיפצן און געפּרעפּל און ער האָט געהערט באַשיימפּערלעך די רייד פון דאָזיקן פלאַטערנדיקן, ריזיקן שאָטן:

— יוסף גבריאל, דאָס איז דערפאַר וואָס דו לעסטערסט גאָטס נאָמען... דו לעסטערסט שדי...

— טאַטע פאָטער!... ווי אַזוי לעסטער איך דיין נאָמען? צי גיי איך נישט פאַרשפּרייטן דיין נאָמען אין מיין אבלות און פאַרלאָזנקייט?

— דו האָסט פינצטערע מחשבות, מעלניקער סופר סת״ם... די פינצ־טערניש קומט נישט פון מיר... די פינצטערניש איז בלויז אין דיר... אין דיינע האַרץ־קאַמערן פלאַטערט זי, און דאַרפסט זי בייקומען... דערפאַר ביסטו אַ שוואַרצער בעכער אָנגעפילט מיט אבלות... שטאַרק זיך, שטאַרק זיך, מעלניקער סופר!...

— צי האָסטו נישט אַליין, דערבאַרעמדיקער, אַריינגעלייגט מיר אין האַנט דעם שוואַרצן בעכער, אים אָנגעפילט מיט אבלות און בלוט, כדי כ'זאָל אים תמיד טרינקען ווי אַ דורשטיקער?

— מיין ליבער יוסף גבריאל... בלוט און אבלות — זיי וועלן דיר ביידע צוריקברענגען די קרוין פון האָפענונג... די קרוין פון רחמים... די קרוין פון חסד... דיין אבלות, וואָס איבערפולט דעם בעכער, וועל איך פאַרוואַנדלען אין זיס וואַסער... און דו, מעלניקער, וועסט פון אים טרינקען, טרינקען און אָנפילן מיט אים דיינע פינצטערע האַרצקאַמערן... יעדן טראָפן וועל איך פירן איבער די פאַרשמאַכטע ליפן פון די דורשטיקע, פון די פאַרייִאושטע, פון די שוואַכע און הונגעריקע, פון די, וואָס האָבן קיין מאָל נישט פאַרלאָזט דאָס ליכט פון שדי...

— אמן... אמן... אמן...

ר' יוסף גבריאל האָט אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי ער איז צוריק אַראָפּ פונעם בעטל און זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטיינערנעם דיל. ער האָט אָנגעהויבן אויפקלייבן די צעשיטע פאַרמעטלעך איינס נאָך איינס און זיי גענומען צוריק אַריינלייגן אין דער אָפענער טאָרבע. ער זעט, אַז ער איז אין גאַנצן אַליין. קיינער איז דאָ פריִער מיט אים נישט געווען. מיט קיינעמען האָט ער נישט געפירט דעם שמועס, כאָטש ער האָט באַשיימפערלעך געהאַט געהערט דאָס פליסטערן פון זיינע אייגענע מורמלענדיקע ליפן. ווי אַזוי האָט ער געקאָנט הערן דאָס אַ פרעמדע קול אַרום זיך? ער האָט נישט געפונען קיין שום באַשייד. אפשר איז עס געווען בלויז אַ חלום? אַ חלום בהקיץ? אים איז באַפאַלן אַ נאָגנדיקע הייסע פרייד פאַר עפעס סודותדיקס און דאָך נאָענטעס, וואָס איז אַרומגעשוועמען אַרום אים. אַלץ איז צו אים פלוצעם צוריקגעקומען — ווי ער וואָלט ביז איצט געזעסן אין אַן איבערגעקערט שיפל אויף אַ שוואַרצן, פליסנדיקן טייך און בלויז די הענט זיינע געהאַלטן מיט די לעצטע כוחות ביי די שיפל־ברעגן. ער איז איצט אַרויס, אַ געראַטעוועטער, פונעם שוואַרצן אומרויקן ווירבל־טייך. ער טרעט שוין מיט זיינע באָרוועסע פיאַטעס אויף אַ גרינער לויכטנדיקער לאָנקע. דאָס חדרל האָט איצט גאָר שטאַרק געלויכטן. דורך די שמאָלע פענצטער־לעכער זענען געפאַלן די צעשטויבטע ליכט־כוואַליעס. זיי האָבן געהאַט אַ גרינלעכע אָפּשפיגלונג מחמת דער גרין־גע־וועלבטער סטעליע איבער זיין קאָפּ. פון די גראָע שטיינערנע ווענט האָט זיך געגליטשט איבערן דיל, ביז צו זיינע נאַקעטע פיס, אַ שמייכלענ־

דיקער, גרינער שאָטן. דער שאָטן האָט אים ביסלעכווייז אַרומגענומען, ביז דער מעלניקער האָט נישט אַריינגעלאָזט די האַנט אין דער טאָרבע און פּאַוואָליע אַרויסגענומען פון איר דאָס שווערע פּעקל, וואָס טאַניאַ האָט בכוח דאָרט געהאַט אַריינגעוואָרפן.

לכתחילה האָט דער מעלניקער פונעם פּאַפּיר אויפגעוויקלט דאָס ברויט. ס׳איז געווען לויכטנדיק, לייכט און שוועבנדיק. מיט פאַרשלאָסענע ווימ־פּערן האָט ער הויך געמאַכט אַ ברכה און טועם געווען אַ כזית. דאָס ברעקל ברויט איז געווען זיסלעך אויפן גומען ווי אַ זיסע רייפע פּרי. אין דער טאָרבע זענען נאָך דערווייל געלעגן די צוויי קיילעכדיקע שווערע אַרבוזן מיט די געעפנטע שפּאַלטן. ער האָט אויךביידע אַרבוזן אַרויס־גענומען פון דער טאָרבע. ר׳ יוסף גבריאל האָט געזוכט דאָס קנייפּל־מעסערל. דערנאָך האָט ער די שאַרף פונעם מעסערל אַריינגעלאָזט אין דער עפענונג פון אַן אַרבוז, אים געשפּאָלטן טיפער אויף צווייען. בעת דער מעלניקער האָט דאָס געטאָן, האָט דער פליסנדיקער, רויטער אַרבוזן־זאַפט זיך געזעצט אויף דער מעסער־שאַרפקייט ווי קליינע, געפּערלטע טרערן. פון דער געשפּאָלטענער פרי־פלאַך האָבן צו אים אַרויסגעקוקט אומצאָליקע, שוואַרצע, לענגלעכע קערעלעך...

— און פלוצעם

פלוצעם האָט דער מעלניקער אַ הויכן געשריי געטאָן. ס׳האָט אויס־געזען ווי עמעצער וואָלט אים אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן אין די שלייפן. קייענדיק די רויטע, ווייכע פרי האָט זיך זיין בליק דערווייל אַריינגע־גליטשט אין דער אָפענער טאָרבע. דאָס, וואָס דעם מעלניקערס אויגן האָבן דאָרט דערזען — דאָס האָט טאַקע געעפנט זיין מויל מיט דעם אַ ווילדן, פלוצעמדיקן געוואַלד.

גאָר אונטן, איבער דער גאַנצער טיף פון דער טאָרבע און אויך איבער אַלע פאַרוויקלטע פאַרמעטלעך איז געלעגן אַ צעשפּרייטע פלאַך פון פליסנדיקער פלעקן־רויטקייט. ר׳ יוסף גבריאל האָט פון צווישן דער פּאַרגליווערטער רויטקייט אָנגעהויבן אַרויסנעמען די פאַרמעטלעך — און זיין געוואַלד איז געוואָרן דעמאָלט נאָך הילכיקער און פחדימדיקער.

דערנאָך האָט ער שוין פון דער טאָרבע אויסגעשיט אויפן טישל מיט ביידע האַנטפלאַכן דעם פולן שטויס מיט פאַרמעטלעך. אַלע זענען זיי געווען צעקנייטשטע, פאַרפלעקטע. דעם מעלניקער איז ווידער באַפאַלן אַ גרויסע שרעק. ער האָט זיך אויף ס'נײַ געזען ווי אין אַ פינצטערער הייל, ווו ס'איז פאַרשווונדן יעדער סימן פון ליכט. ער האָט פּאַוואָליע אויסגעלייגט די פאַרמעטלעך אויפן טישל. אוי, טאַטע דערבאַרעמדיקער! ווי פון אַ רויטער, בייזער האַנט זענען די פלעקן געוואָרפן דווקא אויפן וואָרט שד י. זייער רויטקייט, אַ פאַרגליווערטע און געדיכטע, האָט אַרומגערינגלט דאָס וואָרט ווי אַ פייערקויל, אָדער אַ שנירל פון פרישע בלוט־פלעקן. ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז ער, דער מעלניקער, זאָל נישט זיין אָפּגעהיט, בעת די צוויי אָפענע אַרבוזן זענען געלעגן אין דער טאָרבע? נישט אַנדערש ווי פון די געעפנטע אַרבוזן, פון דער רויטער, שיינער פרוכט איז טראָפּנווייז אַרויסגערונען זייער זאַפט. מיט קליינע פלעקן האָט דער זאַפט אַרומגענומען די שוואַרצע שדי־אותיות. ער איז געווען אין גאַנצן מבולבל, ר׳ יוסף גבריאל, פון דעם, וואָס זיינע אויגן האָבן איצט געזען. אַ צעריסענער שפּליטער פון אַ רעיון האָט אים צוריקגעפירט צו די פרי׳ערדיקע סודותדיקע קולות, וואָס ער האָט געהערט אַרום זיך און אויך צום סודותדיקן שמועס. צי איז דאָס אַלץ נישט געקומען מחמת דעם וואָס ער האָט אומוויליק מטמא געווען דאָס שטילסטע און הייליקסטע וואָרט אויף דער ערד?

און דער מעלניקער האָט גענומען מיט זיין הייסן אָטעם אָפּטריקענען די פלעקן; מיט די פאַטשיילע־ברעגן איינזאַפּן די רויטע זאַפטיקייט. וואָס מער ער האָט דאָס געטאָן — אַלץ טיפער איז די רויטקייט געזונקען אַרום שדי אין גראָען פאַרוויקלטן פאַרמעט־גוף. אַ גרויסער יי׳אוש איז אים באַפאַלן. ער האָט זיך געוואָלט אַוועקזעצן אויפן שטיינערנעם דיל ווי צו שבעה־זיצן. ער האָט אויפן הילצערנעם קעסטל אויסגעשפּרייט די קאַפּאָטע. זיינע גלידער זענען אים געוואָרן פאַרשטאַרט ווי אָנגעגאָסן מיט גיפּס. און וועלנדיק זיך אַוועקזעצן אויפן נידעריקן קעסטל מיט דער אויסגעשפּרייטער קאַפּאָטע, איז דער מעלניקער געפאַלן מיט זיין פּנים מיט אַ גרויס געוויין אויפן דיל. פון דער אָפענער טאָרבע האָבן זיך

אַרויסגעשיט די לעצטע פּאַרמעטלעך. אַלע האָבן זיי זיך געלייגט לעבן זיין קאָפּ אויף דער שטיינערנער קאַלטער פּאָדלאָגע.

*

ער איז לאַנג געשלאָפן, יוסף גבריאל. אפשר אַ גאַנצן טאָג. ער ווייס נישט צי ער האָט זיך אין צווישן אויפגעכאַפּט, כדי אויסצוטרינקען אַ גלאָז וואַסער. ער איז אַריינגעשלאָפן אין די שעהען פון דער ערשטער אַשמורה. באַלד ווי ער איז איינגעשלאָפן האָט ער שוין געהאַלטן די פענע־פעדער אין דער האַנט. ער האָט זי איינגעטונקען אומצאָליקע מאָל איידער ער האָט באַזאָכט און גאָר פּאַוואָליע, מיט גרויס פאַרכטיקייט, דעם פענע־שפּיץ אַראָפּגעלאָזט אויפן פּאַרמעט. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז גאָרנישט קיין פעדער נאָר דער שפּיציקער פליגל פון אַ שוואַלב. אַ בלאָלעכע, נאָר־וואָס געבוירענע שוואַלב. זי האָט געהאַט, די שוואַלב, בלויז איין־איינציקן פאַרשפּיצטן, דינעם פליגל. און דעם אַ פען־פליגל האָט ער געהאַלטן צווישן די פינגער און דערנאָך אַראָפּגעלאָזט אויפן פּאַרמעט ווי דאָס טוט אַ גראַווירער מיט זיין דין־גילדענער גראַוויר־נאָדל.

און ער האָט געשריבן, געשריבן אינעם שלאָף, דער מעלניקער סופר סת"ם, גאָר, גאָר לאַנג, ביז ס'האָט זיך פון הינטערן דינעם שוואַלבן־שפּיץ אויסגעפורעמט דאָס ערשטע אות פונעם הייליקסטן וואָרט. די ש י ן איז געשטאַנען פאַר אים אויסגעשטרעקט ווי אַ דריי־רערנדיקע מנורה. אין איר האָבן געברענט ליכטלעך — קליינע, צאַפּלענדיקע ווי די אויגן פון אַ מיד און פרידלעך מענטשלעך פּנים. ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט וואָס דער שוואַלבן־שפּיץ פון דער פעדער איז די גאַנצע צייט פייכטלעך, אָנגעטרונקען מיט דער שרייב־פליסיקייט. זי ווערט גאָרנישט אויסגע־שעפּט און קומט אַוודאי פונעם אור הגנוז. דער פּאַרמעט איז געווען אַזוי ליכטיק־קלאָר און די קליינע אותיות אויף דער צווייטער זייט פונעם פּאַרמעט זענען געווען ווי ליכטיקע, קליינע מאַן־קערנדלעך. דעם מעלניקער האָט דאָס האַרץ געוויינט פון שמחה און פון גרויסער אַנטפּלעקטער פרייד, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו פירן דעם שוואַלבן־שפּיץ. וואָס מער דער מעלניקער האָט געוויינט אינעם שלאָף, אַלץ מערער האָבן זיך פאַר זיינע אויגן אָנגעזאַמלט די פּאַרמעט־שטויסלעך מיט דער שדי־שריפט.

ער האָט אַפילו געזוכט אינעם פאַרזונקענעם חלום עפעס אַ ברכה, וואָס זאָל דאָס שלאָפנדיקע האַרץ קיין מאָל מער נישט אויפוועקן, כדי ער זאָל אָן סוף און אָן גבול אַרומגיין מיט דעם שוואַלבן־שפיץ איבער דער וועלט. די טאָרבע איז אין צווישן געוואָרן פול און שווער. ער האָט זי אָבער געטראָגן גאָר לייכט ווי אַ פעדערל און גייענדיק נישט אָנגערירט אַפילו מיט זיינע שטיוול־שפיצן די ערד. ער אַליין, יוסף גבריאל, איז אין שלאָף אויך געוואָרן אַ קליינע, פלאַטערנדיקע בלאָע שוואַלב. אַט צוויטשערט ער מיט אַנדערע פייגל צווישן די איילבערט־ביימלעך. אַט שפרינגט ער ווי אַ גראָער סקאָוראָנעק אין דער מחנה פון ווערובליעס אויפן זאַמדיקן וועג און פיקט די געפאַלענע איילבערט־ניסלעך. הייסט עס, אַז ער איז אַריין דורכן שלאָף אין זיין לעצטן גילגול. ער האָט בפירוש דערקענט זיין אייגן קול, וואָס האָט אים גערופן צו זיך. דאָס איז געווען טאָקע אַ פויגל־קול צווישן די צווייגן פון אַן איילבערט־ביימל. און אפשר איז עס נישט געווען קיין איילבערט־בוים, נאָר דער סנה, וואָס האָט דעם מעלניקער סופר גערופן אין זיין מידבר־וועג פון שלאָף און חלום?

שווער איז געווען שפעטער דאָס אַרויסגיין פונעם שלאָף, דאָס אויפ־שטיין פונעם דיל. אַלע זיינע גלידער, פאַרשטאַרטע און קאַלטע, האָבן אים וויי געטאָן פון דער שטיינערנער דיל־האַרטקייט. ס'זענען אָנגעקומען די ערשטע שעהען פון דער צווייטער אַשמורה. אין חדר איז געווען גרין־פינצטערלעך. אַ קרום־צעשניטענע לבנה איז געלעגן אין דער קווער אינעם אייבערשטן פענצטערל. זי האָט זיך געבעטן רחמים און באַפרייונג אין איר נאַכט־וואָגל. איר ליכט האָט זי געוואָרפן צום טישל, צום ברויט און צו דער אָפענער, רויטער פרוכט. פלעדערמייז האָבן אין דרויסן געשניטן דעם גרינלעכן חלל פון דער נאַכט. די קרומע לבנה האָט באַלויכטן דעם מעלניקערס פנים מיט איר גרינלעכן נאַכט־כישוף. און כאָטש ס'איז נאָך געווען ווייט צום זונאויפגאַנג — האָט שוין דער מעלניקער אָנגעהויבן צו פאַרשנירן די טאָרבע. ער האָט זיך געוואַשן ס'פנים און דערנאָך אין דער טאָרבע אַריינגעלייגט דאָס פאַרבליבענע ברויט. ערשט איצט האָט ער דערזען דעם נס: די פאַרפלעקטע פאַרמעטלעך זענען אַלע געווען קלאָרע, געפינקלט אינעם לבנה־ליכט דורכזיכטיק־שיין און אויסגעוואַשן. ער

האָט נישט געדענקט דעם חלום, וואָס איז צו אים געקומען בעת ער איז געלעגן אויפֿן דיל. אַלע זיינע תנועות זענען נאָך געווען ווי געבונדענע. ס'איז געווען טיפֿע נאַכט־שטילקייט. ר' יוסף גבריאל האָט אויף ס'ניי אַרויפֿגעוואָרפֿן די טאָרבע אויפֿן האַלדז און געעפֿנט די טיר.

דער דרויסנדיקער חלל האָט געטויעט מיט רחמימדיקער גרינקייט. פֿאַרבאָרגענע גרילן האָבן אָנגעזאָגט דעם נייעם טאָג־אויפֿשפּראָץ. דער מעלניקער האָט פֿון דרויסן צוריק צוגעלענט די טיר, אַ קוש געטאָן די מזוזה און גענומען גיין צום טאָל. ער האָט זיך פֿאַרקירעוועט מיטן וואַדי צו די מקומות, ווו ס'שטייען די געצעלטן פֿון די אָרעמע. די פֿינצטערניש האָט נאָך נישט גענומען אָפּטרעטן. קליינע שאַקאַלן־מחנות, יונגע און הונגעריקע, זענען פֿאַרבייגעלאָפֿן אים דעם וועג ביי די פֿיס. ער האָט געזען זייערע פֿינקלענדיקע אויגן. זיי האָבן געלויכטן אין דער פֿינצטערניש ביי זיינע שטיוול ווי דער גלימער פֿון געפֿאַלענע שטערן. זיין האַרץ האָט זיך אָבער מער נישט געשראָקן. ער האָט געוווּסט, אַז לאַנג וועט שוין נישט דויערן די נאַכט־פֿינצטערניש. זי וועט זייער גיך אָפּטרעטן מיטן שווייגן פֿון די גרילן. אין מזרח-ווינקל פֿון די בערג וועט דורכשפּיזן דער ערשטער וואָרעמער שטראַליקער שפּיז. אַזוי וועט אָנקומען דער אויפֿשפּראָץ פֿונעם גרויסן טאָג. און די זון וועט אַרומגיין דעמאָלט איבער דער ערד אָן סוף און אָן גבול. און איר ליכט וועט זי וואַרפֿן אין יעדן פֿאַרייזאָרשטן ווינקל ווי גוטע זאַפֿטיקע קערנער. און די קערנער וועלן אויפֿגיין אויף דער טריבער ערד מיט דער גרויסער האָפֿענונג פֿון אייביקן יונגן לעבן.

יוני—אויגוסט 1963.

# דערשינענע ביכער פון ישעיהו שפיגל

**יידיש:**

**מיטן פנים צו דער זון, לידער,**
פאַרלאַג „אלפא". לאָדזש, 1930

**מלכות געטאָ, נאָוועלן,**
פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947

**שטערן איבערן געטאָ, נאָוועלן,**
פאַרלאַג „ייד. פאָלקס־ביבליאָטעק" ביי דער אָרג. פון די פוילישע יידן אין פראַנקרייך, 1948

**מענטשן אין תהום, נאָוועלן,**
פאַרלאַג „איקוף", בוענאָס־איירעס, 1949

**און געוואָרן איז ליכט, לידער,**
פאַרלאַג „יידיש בוך", וואַרשע—לאָדזש, 1949

**ליכט פונעם אָפּגרונט, נאָוועלן,**
פאַרלאַג „ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק" ביים אַל. ייד. קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק. 1952

**ווינט און וואָרצלען, נאָוועלן,**
פאַרלאַג „אַלוו. יידישער קולטור־קאָנגרעס" פאַראייניקט מיט „ציקאָ", 1955

**די בריק, נאָוועלן,**
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1963

**פלאַמען פון דער ערד, ראָמאַן,**
פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1966

**שטיגן צום הימל, ראָמאַן,**
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1966

**געשטאַלטן און פּראָפילן, ליט. עסייען, ערשט בוך,**
פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1971

**עברית:**

**מלכות גיטו, סיפורים, תרגם: א. ד. שפיר. מבוא: ד. סדן,**
הוצאת הקיבוץ המאוחד, תל־אביב, 1952

**ערומים בטרם שחר, רומאַן, תירגם: א. ד. שפיר,**
הוצאת ספרית הפועלים, תל־אביב, 1968

**אור מעמקי תהום, ל"ו סיפורי שואה, תרגמו: א. ד. שפיר, בנימין טנא.**
הקדמה: ד. סדן, סוף דבר: יעקב גלאַטשטיין,
הוצאת י. ל. פרץ, 1969

**מדרגות אל השמים, רומאן, תרגם: א. ד. שפיר,**
הוצאת עם עובד, ספריה לעם, 1970

## פאַרלאַג „ישראל־בוך“

**אריה שמרי / וואָרצלען**
אַנטאָלאָגיע פון יידיש־שאַפן אין ישראל

**ישעיהו שפיגל / פלאַמען פון דער ערד**
ראָמאַן

**רחל פישמאַן / דערנער נאָכן רעגן**
לידער

**מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי**
יידיש — ד. שטאָקפיש

**רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווייַזער**
עסייען

**רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן**
לידער

**ריקודה פּאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים**
דערציילונגען

**יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן**
לידער

**משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פּאַריז**
דערציילונגען

**אריה שמרי / דאָס יינגל פון דיזשאָן**
פּאָעמע

**רפאל מאַהלער / ספר סאַנץ**
היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות

**משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט**
דערציילונגען און מיניאַטורן

**אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער**

לידער און פּאָעמעס

**מנוחה ראַם / אַרום דער ווערבע**

דערציילונגען

**משה זאַלצמאַן / ...און מען האָט מיך רעהאַביליטירט**

איבערלעבונגען פון אַ ייִדישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד

**אברהם שלאָנסקי / לידער**

אָפּקלייב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג

ייִדיש — משה יונגמאַן

**משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן**

עסייען און פּראָפילן

**רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער**

לידער

**ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן**

לידער

**מלכה טוזמאַן / בלעטער פאַלן ניט**

לידער

**ב. דעמבלין / טאָפּלבאַנד**

אַ פרעמדע וועלט * אין נײַעם לאַנד

**ישעיהו שפּיגל / די קרוין**

דערציילונגען